## אינהאלט:

# . . . . . . אין דער טויטער שטאָדט.

אין דער נתים־שטאָדט הערשט שטענדיג א בעזונדערע, ווייכע און פריעדליכע, שטילקייט.

די אלע אמאָליגע מענשען, וואָס האָבען זייערע געצעלטען אין איהר, אפילו די גליקליכסטע צווישען זיי, האָבען דאָרט אונטען, אין דער שטאָדט פון די לעבעדיגע, קיינמאָל נישט געוואוסט פון אזא גליקליכער רוה, פון אזא מילדער שטילקייט, פון וועלכער זיי געניסען דאָ. און אראָבוואַרפענדיג פון זיך די שווערע קערפער, ווי ענגע, גראָבע קליי־דער, און לאָזענדיג זיי אונטער די מצבות, געהען ארויס די בעפריי־טע, דערלייכטערטע נשמות פון די קברים, און שוועבען ארום איבער'ן הייליגען אָרט פון זייער אייביגער רוה, און בעקוקען זייער קעניגרייך, און פערקוקען ווייט אריבער זייער קעניגרייך.

און אויף וויפיעל זייער אויג האַפט קיין צפון, ציהען זיך פאר זיי הימעל־שימערירענדע, דרימלענדע קאָרן־פעלדער אונטער די גאָלדענע שטראַהלען פון דער גאָלדענער זון; און אין מערב. אויף יענערזייט בריימען, שטויביגען וועג, זעהען זיי א צוויי־דריי פערשלאָפענע פויער־שע הייזלעך און הינטער זיי — ווידער הימעל־שימערירענדע קאָרן־פעל־

דער ; אין מזרח פּליסען אונטער זייערע פֿיס , בײַם גרונד פֿון שאַרף־אָבגעשניטענעם לעהמיגען באַרג , די טיפֿע געלבליכע וואַסערן פֿון אַ ברייטען טײַך , און אויף זײַן צווייטען ברעג קרײַזלען זיך ביימלעך , ריטער , ווערבעס , וואָס ווײַטער — העכער , ביז זיי שפּאַרן אונטער־דעם הימעל דאָרט אין דער ווײַטען , ווי אַ טונקעל־בלויער בערגפּאַס . און בלויז צו דרום וואַרפען די נשמות אונווילינג און אונצופרידען אַ בליק און קעהרען געשווינד זייערע אויגען אַוועק : דאָרט אין טאָל , אונטער'ן גרויען נעבעל , ליעגט די שטאָדט פֿון די לעבעדיגע , זייער אַמאָליגער וואוינאָרט . . .

לאַנגע צײַלען שטיבלעך פֿון נאַאיווער און דאָך פֿערשיערענאַרטיגער אַרכיטעקטור , מיט העכערע און נידעריגערע מצבות , שטרײַכען דאָס בית־עלמין אין אַלע זײַטען ; פֿריש־אָנגעשאָטענע קברים צוזאַמען מיט לאַנג־פֿערוואַקסענע ערד־הויפֿענס זענען ערטערווײַז פּלאַנטעסיג צע־שטעלט , ערטערווײַז פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿען מיט פֿרײַער האַנד ; טינט־ביימלעך און „קברות־באַרלעך“ שטײַגען אַרויף פֿונ'ם גרין־גראָזענעם קאָב־רין , וואָס איז רײַך בעשפּרענקעלט מיט בלימעלעך , בלימעלעך , בלימעלעך . . . פֿראַנק און פֿרײַ , אָהן מורא פֿאַר דער זון און העלער מאָג־שײַן , שוועבען אַרום די לײַכטע נשמות איבער'ן ברייטען בית־עלמין פֿון איין זײַט פֿליִט ביז דער צווייטער , און מאַנכע , די דרייסטערע צווישען זיי , ערלויבען זיך אַריבערצופֿליהען איבער'ן פּליִט אין דאָס פֿרײַע פֿעלד אַרײַן , אַ פֿערשײַטען פּאָך צו טהון מיט זייערע פֿליגעל איבער די קעפּלעך פֿון די שלאָפֿענדע קאָרן־זאַנגען און געשווינד אומצו־קעהרען זיך צוריק מיט אַ שטיל־לאַכענדער שושקערײַ . . . שטיל און פֿריעדליך אין דער טויטער שטאָדט . שטיל און פֿריעדליך .

און טרעפֿט אַמאָל , אַז אַ לעבעדיגער מענש פֿערקוקט אין די טויטע שטאָדט , אָדער עמיצער געהט פֿאַרבײַ צו נאָהענט נעבען פּליִט , — אַזוי פֿערשווינדען די נשמות ווי אַ חלום , און בלויז אין שוידער , וואָס נעהמט־דורך זײַן לײַב , און אָן דער מאָרנער אימה , וואָס בעפֿאַלט זײַן נשמה , דערקענט דער פֿאַרבײַגעהער , אַז עמיצער איז דאָ געווען און אַז עפּעס אַזוינס איז דאָ געשעהען . . . און אפֿילו ווען דער אַלטער דן , דער אויפֿזעהער פֿון זייער מקום־מנוחה , שפּרײַזט דורך דאָס „פֿעלד“

מיט זיין גראָב־אַייזען אין האַנד, און די ציצית פון ארבע־כנפות לויפען איהם פאָר׳אויס, — פערבעהאַלטען זיך די נשמות צווישען די מצבות, קוקען אַרויס אונגעדולדיג פון יעדען שפּעלטעל און וואַרטען: ווען געהט ער שוין אַוועק און לאָזט פריי פאַר זיי דעם פּלאַץ.

בלויז איין־איינציגער לעבעדיגער מענש האָט אַ צוטריט צו זיי. אַז די נײַן־יעהריגע ביילקע, דעם אַלטען דן׳ס איי֞ניקעל, בעוויזט זיך צווישען די קברים, דאַן מישען זיך צוזאַמען די געלייטערטע נשמות מיט די שטראַהלען פון דער זון און מיט די פרייע פעלד־ווינטלעך אין איין מחנה — און אַלע אינ׳איינעם האַלוזען זיי זי, און שפּיעלען זיך מיט איהרע שוואַרצע געקרייזעלטע לאָקען, און יאָגען זיך נאָך איהר, און האַפּען זי, און לאָזען זי אָב, און יאָגען זיך ווידער... לויפט ביילקע אַרום צווי־שען די מצבות און שפּרינגט, און טאַנצט, און פּאַטשט מיט די הענט־לעך, און רעדט דאָרט עפּעס, און איהר געלעכטערל קלינגט אין דער טויטער שטילקייט, ווי אַ דין, פרעהליך גלעקעלע אין אַ וויסטען סטעפּ בעת אַ שניי־שטורם... דערהערענדיג איהר קול, קוקט דער אַלטער דן אַרויס פון פענסטערל און שרייט צו איהר:

— ביילקע... ביילעניו!... צו וועמען רעדסטו דאָרט, טאָכטער?...

זי הערט נישט און פערשווינדט צווישען די קברים. דער זיידע קוקט איהר נאָך מיט פינסטערע, פערזאָרגטע אויגען, לאָזט אַרויס אַ שטילען קרעכץ, און זיינע ליפּען מורמלען ביטער און שמערצליך:

— טעכטערל... טעכטערל!... וואָס ט׳עס זיין מיט דיר?...

## ב.

ער אויף דער שוועל פון טויט, זי אויף דער שוועל פון לעבען — היטען זיי ביידע די טויטע שטאָדט.

דרייסיג יאָהר נאָכאַנאַנד וואוינט דער אַלטער דן אין קליינעם שטי־בעל מיט די בלינדע פענסטערלעך. דרייסיג לאַנגע יאָהר עפענט ער שטום דאָס אַלטע אַש־קאָליערנע טייער אונטער׳ן פערגרינטען דעכעל און לאָזט אַריין מתים, מתים, מתים... און ביז היינטיגען טאָג קאָן ער נישט גובר זיין די שטילע און לייכטע איפּרעגונג, וואָס איהם בע־פאַלט יעדעס מאָל, ווען ס׳קומט־צו אַ נייער מיטגליעד אין די טויטע קהלה. ווידער עמיצער געשטאָרבען! אודאי קאָן עס אַנדערש נישט זיין, אזוי האָט גאָט די וועלט בעשאַפען, אָבער... — און די גאַנצע צייט וואָס די שמשים שיטען ערד אין קבר, די יתומים זאָגען קדיש און דער גאַנצער עולם קוקט אין הערט, איז דן׳ס פּנים ערנסט און פייערלעך־מענד: אַ וויכטיגע זאַך קומט פאָר — אַ מענש איז געגאַנגען אָבגעבען דין וחשבון פאַר זיינע מעשים!... עס וואַקסט אויס אַ בערגעל ערד, און דער עולם געהט זיך פאַנאַנדער. דעמאָלט ערשט געהט דער אַלטער צו נעהנטער צו׳ם קבר, בעקוקט איהם אויפמערקזאַם, בעטראַכט זיינע שכנים — און הייבט אָן זיך צו בערוהיגען. מיט אַ פּאָר האַלבען שפּע־

טער, ווען אויפ׳ן פרישען בערגעל וואַקסט אויס אַ מצבה, פיהרט זי דן אַריין אין אַ בוך, און פונ׳ם מענשען בלייבט נישט מעהר ווי אַ נאָמען. פאַר׳ן אַלטענ׳ס אויגען שוועבט אַ לאַנגע, לאַנגע רייהע גלייכע, עהנליכע „תנצב״ה׳ס“, און פון איינעם ביז׳ן צווייטען איז נישט צו דערקענען...

געווען אַמאָל בײַ׳ם אַלטען אַ סך קינדער — זיהן און טעכטער, און שניר, און איידעמס — אַ גרויסע פאַמיליע געווען. צערונען געוואָרען, ווי וואַסער: ווער ס׳איז געשטאָרבען, ווער — קיין אַמעריקאַ אַוועק, ווער — ערגעץ אַנדערש־וואו. נישט זעהר לאַנג צוריק האָט נאָך די אַלטע אויך געלעבט, און דעמאָלט איז אין קליינעם שטיבעל מיט די קליינע פענסטערלעך פיעל היימליכער געווען... אָבער ווען מ׳האָט מיט דריי יאָהר צוריק, נאָך „יענער“ געשיכטע, געבראַכט ביילקען אַהער, האָט די אַלטע אָנגעהויבען אויסצוגעהן, ווי אַ ליכט. גענוג געווען צוויי חדשים צייט, די אַלטע זאָל זיך אַריבערציהען פון שטיבעל אַהין, אונטער׳ן אַלטען באַרנבוים, וואָס שטעהט נישט ווייט פון פלויט, צו דרום־זייט. און נאָך איצט, אַז דעם אַלטען ווערט עפּעס אומעטיג אויפ׳ן האַרצען — פאַרהאַן אַזעלכע מינוטען בײַ אַ מענשען! — רוקט ער זיך צו בגנבה, ביילקע זאָל נישט זעהן, צו׳ם בוים, לעזט איבער, ווי אַ נייעס, אויף דער מצבה: „האשה מלכה בת ר׳ תנחום שלמה“, זעצט זיך אַוועק דערנעבען און קוקט... בלאָנקען דאַן אַרום אין קאָפּ נישט געדאַנקען, נאָר עפּעס אַזוי... נאַרישקייטען, און אונטער׳ן האַרצען זויגט עס אַ ביסעל. אַמאָל קלערט ער, אַז נעבען זײַן מלכה׳ן איז פאַרהאַן אַ וואוילער אָרט, אַזאַ שטיל פערוואָרפען ווינקעל, אָבער — וואָס קומט אַרויס?... זײַן מקום־מנוחה וועט זײַן גאָר דאָרטען, צווישען די זכרים.

פאַר׳ן אַוועקגאַנג האָט ער אַ רגילות איבערצוטאַפּען מיט זײַנע פינגער די אותיות אויף דער מצבה, — סתם אַזוי, הייסט עס, אָהן אַ בעשטימטער כונה. דערנאָך שלעפּט ער זיך אַוועק פערטראַכט און לאַנגזאַם...

... און וואוינט צוזאַמען מיט ביילקען. די ערשטע צייט נאָך איהר קומען אַהער איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום, נאָר — וואָס אַ קינד איז! — איצט קלינגט איהר געלעכטערל איבער׳ן גאַנצען היימליגען אָרט. שוואַרצע געקרייזעלטע האָר, אַ פול, קיילעכדיג פנימ׳על און העל־בלויע,

העָל־העָל־בלויעֶ אייגלעך. „אַ בת מלכה!״ . . . טראַכט דער זיידע, קוקענדיג אויף איהר, און פיהלט זיך מאַקי פאַר איהר עפּעס זעהר מאָדנע: ווי אַן אַלטער געטרייער דינער, וואָס האָט די עהרע צו ערציהען אַ פּרינצעסין. דער אַלטער אַליין האָט גרויע, בייזע אויגען און האַרטע, גרוילינע און אויך בייזע וואָנסען. פּרובירט ער אַמאָל צו מאַכען אַ בייז פּנים, אָבער די קליינע פיהלט זיין האַרץ און לאַכט, — לאַכט אַזוי, אַז דן הויבט אָן צו פינקלען מיט די אויגען, ברומט עפּעס און — לאָזט אַריין זיינע פינגער אין איהרע האָר און גלעט, און גלעט . . . עלטע זייר!

נאָר יסורים האָט ער פון איהר גענוג. ערשטענס — אַ קינד זאָל פאַר קיין זאַך אין דער וועלט קיין מורא נישט האָבען! קלעטערט זי אויף די בוימער, שפּרינגט פון פּלויט אַראָב אויף די ערד, און לאָזט זי זיך לויפען צווישען די קברים — וועסטו זי אויף קיין פערד נישט דעריאָגען. ביי דער הינטער־זייט פון בית־עלמין האָט מען קיין פּלויט נישט גע־שטעלט: דאָרט האַקט זיך דאָס „פעלד״ גלייך ווי אַ וואַנד צום טייך אַראָב, און דן האָט גאָר מורא אפילו צוצוגעהן נאָהענט צו יענעם אָרט; און זי — זי לאָזט זיך אַראָב, קלעטערט צוריק אַרויף, באָדט זיך אין טייך, שווימט . . .

צווייטענס — עפּעס איז זי מיט „זיי״ דאָרט אַ צו נאָהענטע מחותנת'טע . . . עפּעס רעדט זי דאָרט מיט עמיצען, לאַכט, זינגט. זעהט זי טאַקי עפּעס? נישט קיין גוטער סימן, אַז אַ לעבעדיגער איז מיט „זיי״ אַ גאַנצער גוטער־ברודער. וואָס קאָן עס זיין? צו אַ קינד, וואָס האָט נאָך גאָר נישט געזינדיגט, דאַרפען זיי, דאַכט מיר, גאָר אפילו קיין שליטה נישט האָבען. האָב איך אַ טעות? מיט וועמען־זשע, ווידער, רעדט זי דאָרט?

נאָר מעהר פון אַלעם שרעקט דעם אַלטען אין ביילקען אַן אַנדער זאַך. זינגט זי, שפּרינגט זי, טאַנצט זי; דאַכט זיך — גוט? אַמאָל אָבער — זעהר זעלטען — פערטראַכט זי זיך. קנייטשט זיך דאַן ביי איהר דאָס גלאַטע, ווייסע שטערענדעל, קנייטשט זיך — ממש ווי ביי אַן אַלטען מענשען! צווישען די שוואַרצע, געדיכטע ברייען שניידט זיך איין אַ טיפער שטעהענדיגער צייכען און וואַרפט אַ וואָלקען אויף דאָס

גאַנצע פנימ'על. דערבײַ װערען איהרע אײגלעך, די פײַכטע, ליכטיג־בלױע אײגלעך, טונקעל — פינסטער — כמעט שװאַרץ. און דאַן זעהט מען אין זײ קײַן גרונד נישט, װי מ'זעהט איהם נישט דאָרט אונטער'ן באַרג אין טײַך, װען ער װערט חמורנע און װיל זיך בײַזערן. און דער אַלטער װערט פערציטערט: ער זעהט בחוש, אַז זי מאַטערט זיך צו דערמאָנען זיך עפּעס. איהר פנים װערט בלאַס, געעלטערט, און זי איז — איהר מוטער, איהר מוטער, עליה השלום, מיט אַלע פּינטעלעך! אזוי ציהט זיך עס שטונדען לאַנג.

— בײלקע... — רופט דן אונזיכער. — װעסט אפשר עפּעס עסען, טאָכטער?...

זי ענטפערט נישט.

ג.

איבער׳ן בית־עלמין זעגען צעוועט עטליכע בארנבוימער, אויף וועלכע עס וואקסען קליינע, הארטע, קיילעכדיגע בארלעך. מיינט בייל־קע, אז די בעסטע זאך איז — צו עסען אט די זאמדיגע, וועערליך־הארבע בארלעך. און נאך בעסער איז — אונטערצושפרינגען ווי מעגליך העכער, אנציחאפען א צווייג און טרייסלען, טרייסלען . . . שפרינגען די בארלעך איבער דער ערד, טאנצען אויף ביילקעס קעפעל, ווי א האגעל, און פערווילט זיך איינעם פון זיי — ווערט עס פערשוואונדען אין גראז, ערגעץ גאר נאהענט, כמעט ביי איהרע פיס, און — זוך עס נאכדעם א טאג מיט א נאכט, וועסטו עס אויך נישט געפינען. נאר דאס בעסטע איז — ארויפצוקלעטערן אויף דעם עלטסטען בארנבוים, וואס שטעהט נעבען דער באבע׳ס קבר, ארויף צו׳ם סאמע שפיץ, רייסען די פרוכטען פון די געדיכט בעזעצטע צווייגען און ווארפען אראב, איינציגווייז, אהין, אהער . . . און ווי מארנע די וועלט זעהט אויס, אז מ׳בעקוקט זי פון שפיץ בוים אראב! די בערגען פון הימעל רוקען זיך א ביסעל פאנאנדער. די ערד ווערט גרעסער און דאס בית־עלמין — קלענער. די שטאדט אין דער ווייטען צייכענט זיך אב א ביסעל דייטליכער, ווי אן אלטער בגד מיט א סך גרינע, רויטע, ווייסע און סתם קויטיגע לאטעס. דער טייך בלענט זיך אונטער דער זון אין שווערען דרימעל. און אויב דער ווינד

גְעהט גראָד פאַרבײַ אונטער׳ן בוים, צעשטעלט ער עפּעס אַזוי מאָדנע־ליכערליך די פיסלעך, אַ קלײנינקער, אַ ריהרעוודיגער, אַ פיסעל פון פאָרענט, אַ פיסעל פון הינטען, און ער אַלײן באָמבעלט זיך אין דער מיט. דן דערהערט אין דער הויך איבער זיך אַ קלינגענדיג געלעכטער, ציטערט־אויף און פערדרייסט דעם קאָפּ צו׳ם בוים. און נישט שטענדיג געלינגט עס איהם אײַנצובעטען בײלקען, זי זאָל אַראָבגעהן, דען זי קאָן נאָך חלילה אַראָבפאַלען.

אויפ׳ן ברעג בית־עלמין, דאָרט וואו דער גרונט האַקט זיך אָב צו׳ם טײַך צו, וואַקסט אַ ווערבע. שטעהן שטעהט זי קרום און הענגט איבער׳ן אָבגרונד. דערפאַר אָבער האָט זי אַרײַנגעשטאָכען איהרע וואָרצלען דעם לעהמיגען באַרג טיעף אין די געדערים, האָט דאָרט אויסגעשטרעקט איהרע לאַנגע, דינע פינגער, האָט זיי פערפלאָנטערט, פערשלײפט אײנעם מיט׳ן צווייטען — און שטעהט פעסט. ווען־ניט־ווען שאָקעלט זי דער ווינד, שפּיעלט זיך מיט איהרע ליכטיגע און גלײַכע, ווי גלח׳ישע, צעפּ, און זי סקריפּעט שטיל און פער׳חלומ׳ט... און שטעהט.

אויף דער ווערבע האָט בײלקע ליעב צו זיצען און קוקען אויפ׳ן טײַך. אַ ביסעל ניעדריגער אַראָב־וואַסער שטעהט שלעפעריג די טונקעל־גרינע „פּריסטאַן״. פון ביידע איהרע זײַטען וויגען זיך „בערלינעס״, שיפעלעך, פליטען. געהט פאַרבײַ אַ דאַמפּפער, רויכערט ליולקע־ציבעק און פּאַטשט מיט די רעדער אָן וואַסער. בײלקע פערקוקט זיך נײַגיעריג אויפ׳ן דעק. אַ פּויערטע אין אַ רויטער פאַטשײלע, מיט גראָבע שטיוועל אויף די פיס... אַ פאַרשוין אין אַ זשאָקיי־היטעל, מיט אַ לאָרנעטע בײַ די אויגען... מאָדנע! וויפיעל פערשידענע מענשען עס זענען דאָס פאַר־האַן אויף דער וועלט: גרינע, רויטע, מיט פאַטשײלעס, מיט גלעזער בײַ די אויגען. ס׳פערשטעהט זיך, דאָס זענען נישט קיין אמת׳ע מענשע־לעך, דאָס זענען בלויז אַזעלכע שפּיעלכעלעך. עס וואָלט, כ׳לעבען, כדאי געווען אײנעם אַזעלכען אויפצוברעכען און אַ קוק צו טהון, וואָס אינוועניג טהוט זיך. עס מוזען דאָרט זײַן עפּעס רעדעלעך, קלעצעלעך, צייהנדעלעך, — אָט ווי אין זיידענ׳ס אַלטען וואַנד־זייגער, וואָס איז אַמאָל אַראָבגעפאַלען אויף די ערד און הוסט פון דעמאָלט אָן... הם... מאָדנע בעשעפענישען, אָט די מענשעלעך און די זייגערס.

און ווען בהלקע דערפֿיהלט זיך נאָר גרינג, געפֿעלט איהר צו פערלאָזען איננאַנצען דעם שטאַם פון דער ווערבע, אָנצוהאַפּען זיך אָן אַ צווייג און צו בלייבען הענגען בלויז אויף די הענד. די ווערבע וויעגט זיך און זאָגט עפּעס — כ'וואָלט געמעגט שווערען, זי זאָגט עפּעס! — און בהלקעס פיס שוועבען אַרום פרייַ אין דער לופט. און וואַרפט זי אַ בליק אין די ניעדער, זעהט זי, ווי דער טייך וויעגט זיך איהר אַנטקעגען: אַרויף — אַראָב, אַראָב — אַרויף. דן האָט זי איינמאָל דערזעהען אין אַזאַ פּאָזע, האָבען איהם אָנגעהויבען צו שטעכען די האָר אין קאָפּ.

אַזוי איז זי געוואַקסען אויפ'ן בית־עולם.

זאַפּטען האָבען זיך געהויבען גלייך פון דער ערד, זענען געפלאָסען דורך איהרע אָדערען, האָבען געדרונגען אין איהרע ווייכע ביינער און זיי געקרעפטיגט. די זון האָט געפילט און געפאַרבט איהרע בעקלעך, ווי זי פילט און פאַרבט די פרוכטען פון די ביימער. בלומען האָבען געבליהט, זומער־פייגעלעך — געציטערט אין דער לופט, און די נשמות, די לויטערע, פריידליכע נשמות פון די אַמאָליגע אונרוהיגע מענשען, האָבען זי אַרומגערינגעלט אויף יעדען טריט, געשוויעבט אַרום איהר קאָפּ און געמורמעלט איהר אין די אויערען: „קינדעלע... מיידעלע... מיידעלע... קינדעלע..."

ד.

אין אלול, ווען אויפ׳ן ברענענדען, אויפגערעגטען געזילבט פון זומער האָבען זיך געוויזען די ערשטע סימנים פון מידקייט, האָט דאָס לעבען אין דער אונטערשטער שטאָדט אויפגעקאָכט שטאַרקער, האָט זיך געהויבען, ווי אַ געוויסער אין פריהלינג, זיינע וועלען האָבען זיך געקייקעלט ביז׳ן באַרג, זענען זיך פאַנאַנדערגעלאָפען און האָבען שטירמיש פערפלייצט די טויטע שטאָדט.

פון בעגינען ביז שטאָק נאַכט האָבען זיך געצויגען איבער׳ן שטויביגען וועג מחנות ווייבער, מענער, קינדער, פוסגעהער און פוהרלײַך — פון בית־עולם און צו׳ם בית־עולם.

דאָס גרויסע טויער אונטער׳ן פערשימעלטען דעקעל האָט זיך ברייט געעפענט, און דורך די עפענונג האָט זיך אַריינגעריסען אין דאָס „פעלד־דאָס לעבען מיט זיין גאַנצען האַרמידער: מיט זיינע ענטפלעקט־געוואָרענע פערבאָרגענע וואונדען, מיט קוויטשיגער בעטלערײַ און מיט עפענטליכער, בעל־הבית׳יש־ברייטער שאַכער־מאַכערײַ. ביי׳ם וועג, פון ביידע זייטען טויער, זענען געשטאַנען אין צוויי ציילען אָרעמעלײַט, קאַליקעס, אין דרייען געבויגענע זקנים, ווייבער מיט רויטע, טרערענדיגע אויגען, —

האָבּען געשטרעקט די הענד, געקרעכצט, עפּעס געמורמעלט און זיך גע=
קריגט ווער מיט וועמען. אין טייער גופא, בּיי צוויי לאַנגע טישען, זענען
געזעסען יודען מיט טעלערלעך, מיט שיסעלעך, מיט בּיכעלעך, מיט קווי=
טעלעך, האָבּען געשריבּען און גענומען, גענומען און געשריבּען. און
פון אַלע זייטען, פון צווישען די מצבות, פון די ווייטסטע, פערבּעהאַל=
טענסטע ווינקעלעך, האָבּען זיך געהויבּען איבּער'ן „פעלד" תּפלות, געוויי=
נען, געשרייען, לאַנגע, אויסגעצויגענע, אָנגעווייטאָגטע, שווערמוטיגע
און צעבּראָכענע, ווי די מענשען גופא, וואָס האָבּען זיי פון זיך אַרויסגע=
שטויסען. די אויפגערודערטע, דערשראָקענע נשמות, וואָס האָבּען בּעקומען
אַ בּעפעהל פון אויבּען: נישט אָבּצוטרעטען פון בּית=עולם דעם גאַנצען
חודש נאָכאַנאַנד, — האָבּען זיך בּעהאַלטען אין זייערע קברים און אונצו=
פרידען אויסגעהערט די אַלע טענות, די שווערע „פעקלעך", וואָס מ'האָט
פאַר זיי אַוועקגעלעגט, די אַלט=בּעקאַנטע שוועריקייטען, וואָס זיי האָבּען
שוין לאַנג פון זיך אַראָבּגעוואָרפען. האַרט בּיי דר'ערד — איף די קברים,
אויף די גראָזען, איף די מענשען — איז שטייף געליגען אַן אומגעלומ=
פערט געמישעכץ פון זונען=גאָלד און מענשען=קרעכץ.

און ווי דן האָט נישט געקאָנט זיך צוגעוועהנען צו'ם טויט, אַזוי
האָט בּיילקע נישט פערנומען דאָס לעבּען. זינט זי איז היע, איז זי גע=
ווען אין שטאָדט אפשר דריי מאָל, נישט מעהר, און יעדעס מאָל איז
זי געקומען פון דאָרטען אַ צערודערטע. האָט מען ווען געבּראַכט אַ „בּר=
מינן", האָט זיך בּיילקע פערשטעקט ערגעץ צווישען די קברים און האָט
אויפמערקזאַם, אַ בּיסעל ווילד, בּעטראַכט די בּעגלייטער, — און זיי זענען
איהר פאָרגעקומען אַזוי פרעמד און ווייט, ווי יענע מענשען איף די
דאַמפפער, וועלכע זי האָט אָפט בּעקוקט פון דער ווערבּע אַראָבּ. איהר
האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז דאָס זענען נישט מעהר ווי קאַטאָוועס=מענש=
לעך, נישט קיין בּיילקעס. זיי מאַכען זיך כלומר'שט ווי זיי געהען, רע=
דען, טהוען עפּעס, אָבּער — ס'איז נישט דאָס... אָט דער זיידע —
איז עפּעס אַנדערש. ער איז — דער זיידע, איהר זיידע. איהם ווייסט
זי, ווי ער איז אין דער אמת'ן, מעג ער זיך ווי פלייסען צו ווייזען זיך
בּייז, ווען ער איז גוטמוטיג, אָדער מאַכען זיך פרעהליך, ווען איהם
איז שווער אויפ'ן האַרצען. סוף כל סוף, איז דער זיידע כמעט אַ בּייל=
קע, און אַלע אַנדערע מענשען — נישט.

נאָר אַז עס פלעגט קומען דער חודש אלול, האָט זיך ביילקע קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. אַ גאַנצען חודש האָט דאָס לעבען פאַר איהר אין די אויגען געקאָכט, געשוימט, געקרעכצט און זיך געוואָרפען, ווי אין דער „פאַלעניש". אַ גאַנצען חודש נאָכאַנאַנד האָבען די רעדעלעך אינווענינג אין די שפּילכלעלעך געסקריפּעט און זיך פיעבערהאַפט געדרעהט, און די מענשעלעך האָבען געוויינט, גע'טענה'ט, עפּעס אַזוינס דערצעהלט און ווידער געוויינט. נישט זעלטען האָט געטראָפען, אַז אין עמיצען פון די מענשעלעך האָבען זיך די רעדעלעך פערפּלאָנטערט צווישען זיך און פלוצים מיט אַ קנאַק זיך אָבגעשטעלט, און דאַן האָט דאָס מענשעלע אַרויסגעלאָזען אַן אָבגעהאַקטען, פערשטיקטען קרעכץ און איז שטום געפאַלען מיט'ן פּנים אויף עפּעס אַ מצבה... און ביסלעכווייז האָט זיך ביילקען אָנגעהויבען צו דאַכטען, אַז זי פערשטעהט. עפּעס אַזוינס האָבען זיי געוועקט אין איהר, — פערגעסענע בילדער, פערהילכטע קלאַנגען, צי וואָס?... — און קיין בעהאַלטעניש איז נאָך פון זיי נישט פאַרהאַן! וואו ערגעץ אַ ווינקעל, וואו נאָר אַ בערגעלע — אומעטום זענען זיי דאָ, און וואוהין זיי קומען נאָר, אַזוי פערטרייבען זיי פון דאָרט די נשמות אונטער די ערד און טראָגען אַריין אין אָרט פון אייביגען פריע־דען זייער אייביגע אומרוהיגקייט... מיט יעדען טאָג איז עפּעס אַזוינס געוואַקסען, עפּעס האָט זיך גענייהערט, און ביילקע האָט אַ פערבאָרגע־נעם שוידער געשפּירט. דעריבער, ווען דער חודש האָט זיך געענדיגט, די ימים נוראים זענען אַוועק, אין דער מענשען־שטראָם האָט זיך ביסלעכ־ווייז אַראָבגעגאָסען צוריק אין טאָל, — דעמאָלט האָט ביילקע אָבגעצוי־גען דעם אָטהעם.

דעמאָלט פלעגען די בעפרייטע נשמות אויף אַ שטיקעל צייט פער־לאָזען דאָס בית־עלמין, זיך אויפהייבען צו'ם הימעל און איבערלאָזען נאָך זיך אַ טיפע בענקעניש. עס קומט אָן דער הערבסט, וואָס איז, פונקט ווי דער זיידע, — אַ גרויער, אַ ביזיליכער, אָבער אין גרונד אַ גוטהערציגער און זעהר אַן אומעטיגער. אויף דאָס „פעלד" רוקט זיך אָן אַ מרה־שחורה, די בוימער קוקען מאָגער, די ווערבע זאָגט ווידער, נאָר שוין עפּעס אַנדערש, גאָר עפּעס אַנדערש. רעגען אין ווינטען. ווינטען און רעגען. אויס הימעל.

אַזוי ציהט זיך עס, ביז...

## ה.

— זעהדע, זעהדע! די נשמה'לעך זענען געקומען צו פליהען! — שרייט בעלקע, פערקוקענדיג דורך דאָס פענסטער'ל אין פעלד אַריין, און לויפט אַרויס פון שטיבעל.

אין ווירקליך: די נשמות זענען געקומען צו פליהען. לייכטע, ווייסע, קליינינקע, קומען זיי פון אַלע זייטען פון הימעל, טאַנצען אין דער לופט, בעפאַלען בעלקען, ווי ווייסע זומער-פייגעלעך, זעצען זיך איף איהרע האָר, אויף איהרע ברעמען, איף איהרע בעקלעך, רומען איהר איין אַ סוד אין אויער און ווערען פערשוואונדען, ווי אַ ליעבליכער שמייכעל, און אַנדערע קומען איף זייער אָרט — אַזוי פיעל, ווי די שטערען אין הימעל, ווי דער זאַמד איפ'ן ברעג פון טייך. ווי שכור שפרינגט בעלקע אַרום איבער'ן פעלד, און דער מילכווייסער לופט, פערמאַכט דעם קאָפּ און שטעלט אונטער איהר געזיכט אונטער די ווייסע בלימלעך, וואָס פאַלען פון הימעל. די שנייעלעך פאַלען און פאַלען, פאַרבען דאָס פעלד גרוי—ליכטיג—ווייס, און אָט פערציהען זיי שוין די ערד מיט אַ דעק-טוך, וואָס ליעגט איף איהר ברוסט און ווייד-ווייכע פאַלדען, און רעדען עפּעס אונטער'ן פיס, אין ברומען ווייך און ליעבליך, ווי טייבעלעך אין נעסט.

נאָר דער עיקר — דער טײַך! טאָג־טעגליך קוקט בײַלקע אויפ'ן טײַך און לעבט מיט איהם צוזאַמען. צווישען די ווײַסע ברעגען יאָגט ער זײַנע כמעט שוואַרצע וואַסערען, פערצאָרנט און בייז, פאָראויסזעהענדיג פאַר זיך פינסטערע טעג... ציהט פון צפון אַ קאַלטער ווינד, דרינגט אַרײַן אומעטום, געהט דורך דאָס לײַב ווי דורך אַ לעדיגען חלל, טראָגט ער זיך איבער'ן טײַך אַ טאָג, און צוויי, און דרײַ, — ווערט דער טײַך בלוי, טונקעל־בלוי, פון קעלט און ציטערט, און קנײַטשט זיך, און ראַנגעלט זיך, מיט'ן טויטען דרימעל, וואָס בעפאַלט זײַנע מעכטיגע גליעדער, — ראַנגעלט זיך, אָבער אַלץ לאַנגזאַמער און שווערער, שווערער און פוילער, פוילער און שלעפעריגער. פון ערגעץ קומט אָן אַ פאָרמלאָזעס, געלבליך־קויטיגעס שטיק אײַז און שווימט פאַרבײַ שטיל, בגנבה, נישט מיינענדיג חלילה קיין שלעכטס... און נאָך אַ „קריהע" געהט פאַרבײַ, און נאָך איינע, און עטליכע מיט אַ מאָל, און אָט ציהט שוין אַ גאַנצע מחנה אַראָב־וואַסער, און עס דאַכט זיך — עפּעס קעפּ קוקען אַרויס פון וואַסער אָדער לצים שפּיעלען זיך צווישען די וועלען, קעהרען זיך איבער און מאַכען אָן אַ גאַנצען האַרמידער אין טײַך. אָפּט און עפּטער לאָזען זיך הערען הילכיגע קלעפּ און אַ קנאַקערײַ. דער טײַך איז שוין אינגאַנצען בעדעקט מיט קריהעס, און צווישען די קלענערע שפּאַרט זיך דורך אַ גרויסע מיט ברייטקײַט, מיט בעל־הבית'ישער חוצפה, און די קליינע טרעטען איהר אָב דעם וועג, קריצענדיג מיט די ציינער, און קריכען איינע אויף די אַנדערע, און שלאָגען זיך צווישען זיך, ווי וועלף איבער אַ פגר...

זעהענדיג די שווערע גסיסה פון ריעזיגען טײַך, צעלויפען זיך די מענשען, פערשווינדען די שיפלעך, די פליטען, די „בערלינעס", און וויסט ווערט אַרום און לעדיג, ווי פאַר בריאת העולם. ביסלעכווײַז פערהאַלט די קריהע איהר גאַנג, דרעהט זיך אויף איין און דעמזעלבען אָרט, שטויסט זיך אָן די ברעגען, ביז זי בלײַבט אינגאַנצען שטעהן. אומגעלומפּערט און העסליך שטאַרצען אין אַלע זײַטען אינגעהייער גרויסע שפּיציגע נעזער, גלאַטע, הוילע און ווײַסע קעפּ, פערבויגענע קניע און רוקענס, — אַ שלאַכט־פעלד, בעדעקט מיט נאַקעטע מתים און פערטריקענטע סקעלעטען. און דאַן קומען ווידער צו פליהען ווײַסע, גרינגע נשמה'לעך און לעגען זיך מיט גרויס רחמנות אויף די פגרים און פערדע=

קען זייער שאנד. נאך עטליכע שנייען, נאך עטליכע פרעסט — און פון טייך איז קיין זכר נישטא. גרויע, קורצע טעג בעווייזען דער וועלט זייער בלאסען, אונדרייסטען שמייכעל, פאלען אבער באלד ביי זיך אראב און לעשען זיך אויס, און זייער ארט פערטרעטען לאנגע, אונענדליך לאנגע אומעטיגע נעכט, ווען דער ווינד פייפט זיין מרה־שחורה׳דיג ליעדעל, ווען פון וואלד, וואס טונקעלט אויפ׳ן צווייטען ברעג, געהען ארויס הונגעריגע, דערפרוירענע וועלף און קלייבען זיך צונויף אויפ׳ן קבר פון טייך, און קלאגען ווילד און שמערצליך שטונדען לאנג, און קנאקען מיט די ציינער, און פינקלען מיט גרין־ברענענדע אויגען און שוים פון דער נאכט ארײַן.

ו.

לאַנג ציהט זיך דער ווינטער, אַזוי לאַנג, אַז דער זומער קומט פאָר ווי עפּעס אַ געשריבענע מעשה: אפשר געווען, אפשר נישט געווען. און בײַלקע חרוש'ט זיך: דער טײַך איז נישטאָ, גאָר אינגאַנצען נישטאָ! ווי געשיקט זיך עס? געוועזן טעג — און דער שײַם פון טײַך איז שטיקערווײַז געהאַנגען אויף די מצבות, און אפילו אין די שטילע נעכט האָט פון אונטער'ן באַרג געגרײַכט אַהער אַ געמורמעל, קענטיג — פון חלום; און איצט — פליהען שליטענס, געהען מענשען, געהען זיבער און לײַכטזיניג, פונקט ווי עס דאַרף אַזוי זײַן. און — אַזוי וועט עס שוין בלײַבען?

עס בלײַבט נישט אַזוי. לאַנג ציהט אַ צפון⸗ווינד, און — קײנער בעמערקט נישט ווען און ווי אַזוי — הייבט ער אָן צו עטהעמען פון דרום, אַ פײַכטער, אַ „פוילער“, אַן אײַנגעגעסענער. דער גלאַטער, ווײַסער וועג אויפ'ן טײַך ווערט קויטיג, טונקעל, קנײטשיג; די פוסגעהער פערליערען די העזה, בעוועגען זיך מיט ישוב⸗הדעת, קלאַפּען מיט שטעקענס אָן גרונט און הערען זיך צו עפּעס צו... די פיהרליך בעווײַזען קאַפּריז, מאַכען עפּעס מאָדנע זיגזאַגען, מײַדען איום מאַנכע ערטער, און דאָך טהוט עס אונטער זיי ווען⸗ניט⸗ווען אַ הליפּ, אַ שפּריץ. דער דרום⸗ווינד

ציהט דערווייל מיט גרייס עקשנות, די טעג ווערען אַ ביסעל גרעסער, די נעכט — אַ ביסעל קלענער, און דער טייך היבט אָן צו נעהמען זיינע ערשטע קרבנות: פאַלט אַריין אַ מענש, בריעלט זיך איין אַ פוהר, בעווייזען זיך עפּעס פערדעכטיגע לעכער, גריבער, ברונענס. ביסלעכ־ווייז ליפען זיך די מענשען פאַנאַנדער: דער שרעק פאַר תחית המתים איז נישט קלענער ווי דער שרעק פאַר די גסיסה...

דערנאָך קומט אַ נאַכט, ווען בײַלקע חאַפּט זיך פלוצים איף פון שלאָף און פרעגט דערשראָקען:

— ווײַדע, וואָס איז דאָס?...

דן שלאָפט שוין לאַנג נישט.

— גאָרנישט, טאָכטער, גאָרנישט... דער טייך רוהרט זיך.

ער פערדרייכערט אין דער פינסטער זיין ליולקע, רויכערט, הוסט, שפּייט און מריקעט עפּעס אַזוינס.

— האַ, וואָס? — פרעגט בײַלקע ווידער.

—עט... הם... גאָרנישט, גאָרנישט... — ענטפערט ער און אין אַ ווײַלע אַרום מריקעט ער ווידער, אָבער בײַלקע פיהלט, אַז ער איז נישט אונצופרידען, און נישט ער, נישט זי ווייסען ניט, וואָס איז די שמחה. איפּ'ן טייך דערווייל דונערט עס אַזוי, אַז דאָס גאַנצע הייזעל טרייסעלט זיך און די שויבען אין די פענסטער גרילצען. אַ גאַנצע נאַכט גלאָצט בײַלקע די אויגען אין די פינסטערניש אַריין און האַלט איין דעם אָטהעם, און איהר דאַכט זיך, אַז זי זעהט וואָס זי הערט.

קיים דערוואַרט זיך איף טאָג, שפּרינגט זי אַרויס פון שטיבעל און פאַלט אַריין גלייך אין די אָרעמס פון אַ וואַרעמען ווינד, וואָס שמעקט ווי אַ זומער־רעגען. זי פערמאַכט איף אַ רגע די אויגען, עפענט זיי איף, לויפט־צו צו דער ווערבע און פערקוקט אַראָב.

דאָס איז רודערט זיך. בײַלקע זעהט בהיש, אַז אונטער'ן איז

שטעֲהט עֶמיִצעֶר, אַ גרויסעֶר, אַ ריִעזיִגעֶר, אויף דיִ העֶנד און אויף דיִ פיִס און בּעֶמיִהט זיִך אויפצוהייבּעֶן אויף זיַין רוקעֶן דיִ האַרטעֶ, שווערעֶ דעֶק. דאָס אַייז בּייגט זיִך, פּלאַצט ערטעֶרוויַיז און לאָזט זיִך וויִדעֶר שווער אַראָב. דעֶר געֶפאַנגעֶנעֶר אונטעֶן ווערט וואָס אַמאָל אונרוהיִגעֶר, אויפגעֶרעֶגטעֶר: עֶר סאָפּעֶט, רודעֶרט זיִך, שטרעֲנגט זיִך אָן נאָך מעֶהר. דאָס אַייז בּרעֶכט זיִך עֶפטעֶר, בּרייטעֶר, ראַנגעֶלט זיִך פּעֶרצווייפּעֶלט פאַר זיַין מאַכט — און בּרעֶכט זיִך פאָרט. אַיינצעֶלנעֶ שטיִקעֶר שטויסעֶן זיִך, וואַרפעֶן זיִך און קעֶהרעֶן זיִך איִבּעֶר, וויִ אונגעֶהויעֶר גרויסעֶ טויטעֶ פיִש, מיִט דיִ וויַיסעֶ בּיַיכעֶר אַרויף... וואַסעֶר זעֶצט פון אַלעֶ וואונדעֶן, פּעֶרפלייצט דאָס אַיַיז, שווייַנקט עֶס, רייַניִגט עֶס און — עֶסט עֶס. און פּלוצים טהוט דיִ גאַנצעֶ מאַסעֶ אַ ציִטעֶר — און ריִהרט זיִך פון אָרט.

עֶטליִכעֶ טעֶג נאָכאַנאַנד, וויִ אַן ארמעַע נאָך אַ שרעֶקליִכעֶר מפּלה, לויפט נאָכדעֶם דיִ קריִהעֶ אַראָב־וואַסעֶר איִן אַיַילעֶניִש און שרעֶק. פּעֶר־לאָזעֶנדיִג דיִ שאַנצעֶן און בּעֶפעֶסטיִגונגעֶן, איִיף וועֶלכעֶ זיִי האָבּעֶן געֶאַר־בּייט דעֶם גאַנצעֶן וויִנטעֶר, לויפעֶן צוערשט גאַנצעֶ קאָרפּוסעֶן, דיִוויִזיִעֶס, פּאָלקעֶן; נאָך זיִי פליִהעֶן פאַרבּיַי אָהן פּלאַן און אָרדנונג קלעֶנעֶרעֶ אָבּ־טיַילונגעֶן און אַיינצעֶלנעֶ זעֶלנעֶר, וואָס דיִ אַרמעֶע האָט זיִי פּעֶרלוירעֶן איִן וועֶג און וועֶלכעֶ בּעֶמיִהעֶן זיִך איִצט זיִ צו דעֶריאָגעֶן. פיִעֶלעֶ פון זיִי קומעֶן־אום איִן וועֶג, — דיִ זון הייבּט זיִך מיִט יעֶדעֶן טאָג העֶכעֶר, און איִהרעֶ פיַילעֶן ווערעֶן וואָס אַ מאָל הייסעֶר און שטעֶכיִגעֶר. צייַטעֶנ־וויַיז פּעֶרהאַקט זיִך עֶפּעֶס אַ שטיִק אַיַיז עֶרגעֶץ איִן אַ וויִנקעֶל פון אויסגעֶ־שניִטעֶנעֶם בּרעֶג און גוס׳עֶט לאַנג און שמעֶרצליִך, נאָכקוקעֶנדיִג מיִט אַנגסט נאָך זיַינעֶ בּריִדעֶר, וואָס לויפעֶן מיִט איִמפּעֶט פאַרבּיַי... פּעֶר־שוואונדעֶן דאָס לעֶצטעֶ שטיִקעֶל אַיַיז, און פון אויבּעֶן קומעֶן נאָך אַלץ אָן וואַסעֶרעֶן און וואַסעֶרעֶן און שליִנגעֶן דעֶם ליִנקעֶן ניִעדריִגעֶן בּרעֶג און ריַי־סעֶן זיִך אַריַין איִן דיִ זיַיטיִגעֶ טאָלעֶן. בּיַינאַכט הערט מעֶן פון אונטעֶר׳ן בּאַרג, וויִ עֶפּעֶס גאָרגעֶלט אַזוי קורץ און טיִעף, גליַיך דעֶר טיַיך שטיִקט זיִך פון אַיינגעֶהאַלטעֶנעֶם געֶלעֶכטעֶר און רייַסט זיִך פון שטאַרקעֶ און קיִצעֶלדיִגעֶ העֶנד... דאָס לעֶבּעֶן האָט וויִעדעֶר געֶעֶפעֶנט זיַינעֶ שטראַה־לעֶנדעֶ אויגעֶן.

ז.

געוועזן אַזאַ מענטש — בלויז איינער, — וואָס ביילקע האָט געפּריבט מיט איהם זיך צו באַפרײַנדען. דער מענטש איז געוועזן דאָס זיבען־יעהריגע וואָנדעל פון פיליפּ קאַרפּענקאָ, וועלכער האָט געוואוינט גענענ׳איבער, אויף יענערזײַט „שליאַך“, אין איינעם פון די דאָרטיגע הײַזלעך. געהאַט האָט יאַשקע אַ ניעדריגען שטערן, גרויע אויגען, אַ ברייט, קלײַענדיג פּנים און ברייטע „האָזיאַיסקע“ פּלודערן. געגאַנגען איז ער שטענדיג אָהן אַ היטעל, און זײַנע ווײַסע, פלאַקסענע האָר זענען איהם געווען אַראָבגעלאָזען אויף דאָס פּנים, ביז איבער די אויגען. דאָס מויל האָט ער געהאַלטען אָפען, און דער מינדסטער פינגער פון זײַן רעכטער האַנד האָט געוועהנליך געשטעקט אין איינעם פון זײַנע נאָז־לעכער. בכלל האָט ער זיך געוואונדערט.

אין יאַשקע אַמאָל געשטאַנען נעבען פלויט פון בית־עלמין, האָט פערקוקט אינגעוועניג אַרײַן, אויף די גריגע באַרלעך, וואָס זענען געוואַקסען אויף דער „באָבע׳ס ביים“, און האָט זיך, ווי זײַן שטייגער איז, געוואונדערט און געשלונגען דאָס שפּײַעכץ: גראָד אַזעלכע באַרלעך זענען בײַ זײַן טאַטען אין גאָרטען נישט געוואַקסען. ביילקע איז געגאַנגען פאַרבײַ און האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען פלויט פון דער אינוועניגסטער זײַט. יאַשקי

האָט זיך פערוואונדערט, ביילקע האָט זיך צעלאַכט.

— ווייסע האָר! — האָט זי לאַכענדיג געזאָגט, טייטענדיג אויף איהם מיט'ן פינגער.

— יאַק?...[א] — האָט יאַשקע געפרעגט און זיך אומגעקוקט אַהינטער, זוכענדיג מיט די אויגען, אויף וואָס ווייזט זי אָן.

— ביי דיר ווייסע, ביי מיר שווארצע... — האָט ביילקע געזאָגט, צוגעהענדיג נעהענטער צו'ם פלויט, און האָט מיט דער האַנד צעשויבערט איהרע שוואַרצע לאָקען.

יאַשקע האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד און האָט אָנגעטאַפּט איהרע האָר, נישט וויסענדיג געניי, וואָס מ'וויל פון איהם. ביילקע האָט זיך ווידער צעלאַכט, און ער האָט געשווינד צוריקגעהאַפּט זיין האַנד אין גרויסער פערלעגענהייט. די קינדער האָבען געקוקט אַ ווײַלע איינס אויפ'ס אַנדערע.

— דאַוואַי הרושקי![ב] — האָט יאַשקע פּלוצים אַרויסגערעדט — און האָט זיך פערוואונדערט.

פונ'ם בליק, וואָס ער האָט געוואָרפען אויפ'ן בוים, האָט ביילקע פערשטאַנען, וואָס ער וויל, און איז אויגענבליקליך אַרויף אויפ'ן בוים. יאַשקע האָט זיך אַ סעקונדע געשלאָגען מיט דער דעה, דערנאָך איז ער אַריבער איבער'ן פּלויט און איז אויך אַרויף אויפ'ן בוים.

אַזוי האָבען זיי געשלאָסען בעקאַנטשאַפט.

דן האָט אַ שטיק צייט נישט געוואוסט פון דער דאָזיגער קינדער־שער פריינדשאַפט. ער איז איבערראַשט געוואָרען, דערזעהענדיג איינ־

---

[א] ווי?

[ב] גייעב באַרליעך.

מאָל יאַשקען מיט ביילקען אויפ'ן בית-עולם. יאַשקע איז אנטלאָפען, דן איז רויט געוואָרען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שיינגעץ?!

ביילקע האָט געלאַסען געענטפערט:

— יאַשקע...

— יאַשקע?.. וואָס יאַשקע?.. וואָס הייסט יאַשקע?.. פע, מיט אַ שיינגעץ גאָר!

ביילקע האָט זיך פערוואונדערט.

— פאַרוואָס?..

— פאַרוואָס?.. — האָט דן איבערגעפרעגט. — ווי דען?.. ביזט דאָך אַ יודיש קינד, ווי קומט ער צו דיר?..

— עס איז דאָך יאַשקע! — האָט ביילקע זיך אַלץ מעהר גע-וואונדערט.

— פערשטעהסטו מיך, דו ביזט אַ יודיש קינד, און ער איז אַ גוי, — פערשטעהסט, האַ?..

זי האָט גאָרנישט פערשטאַנען, און אַז יאַשקע איז אויף מאָרגען בגנבה צוגעקומען צו'ם פלויט, האָט זי זיך מיט איהם געשפּיעלט ווי פריהער. און גיכער איז זי געוועזען דער מאַנספערשוין, איידער ער: זי האָט געפיהרט דאָס רעדעל, האָט צוגעטראַכט נייע שטיק און האָט אַליין פערענטפערט ווילטיגע לעבענס-פראַגען. יאַשקע, דאַגעגען, איז געוועזען זעהר פויל, זעהר פלעגמאַטיש, וועניג ריהריג און האָט ביילקע'ן גע-פאָלגט אין אַלסדינג. זיין גרעסטעס פערגעניגען איז געוועזען — צו זיצען די פיס אונטער זיך אין אַ פינגער אין דער נאָז אין קוקען אָהן אַ שום

גערדאַנק, פּתּם אין די וועלט אַריין, קוקען אַזוי לאַנג, ווי נאָר מעגליך; און איינמאָל האָט געטראָפען, דאָס ער האָט אַזוי ויצענדיג איינגעדרי־מעלט, און האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקען, ווען ביילקע האָט איהם אויפגעוועקט מיט איהר פרעהליכען געשריי.

יעדען טאָג פלעגט ער קומען רייסען באַרלעך, זיך שפּיעלען און שמועסען. מאָרגע געשפּרעכען און איין א מאָדנער שפּראַך האָבען זיי געפיהרט.

— האָסט אַ סטאַרי דיד? [א] — האָט ביילקע זיך אינטערעסירט.

יאַשקע, נישט אַרויסנעהמענדיג דעם פינגער פון דער נאָז, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ פון לינקס צו רעכטס:

— ני. ביי מיר אַ טאַטקע און אַ מאַמקע, און אַ בראַטאָק, און צוויי סעסטריצעס... [ב]

— אי הרושקי או טעבע אין סאָד יע? [ג]

— יאָ, אי בילאַ מאַלינאַ, אי קאָראָוואַ... [ד]

— קאָראָוואַ?.. — האָט ביילקע אונזיכער איבערגעפרעגט, נישט ווימענדיג, וואָס פאַר אַ געוויקס דאָס איז.

— נו, דאַ [ה], קאָראָוואַ... מו — או — או!.. — האָט יאַשקע נעגעבען צו פערשטעהן און האָט מיט די הענד געמאַכט אַ פּאָר הערנער איבער'ן קאָפּ.

---

א) האָסט אַן אַלטען זיידען?

ב) ניין, ביי מיר אַ טאַטע און אַ מאַמע, און אַ ברידערל, און צוויי שוועסטערלעך.

ג) און באַרלעך האָסטו אין גאָרטען?

ד) יאָ, און ווייסע מאַלינעס, און אַ קוה.

ה) נו, יאָ.

— אַ — האַ ! . . — האָט בײַלקע פערטראַכט געזאָגט .

עס האָט נעדויערט עטליכע וואָכען . די קינדער האָבען געלעבט אין אַ בעזונדער וועלטעל . אַ קליין בעשעפעניש׳על האָט דאָס וועלטעל חרוב געמאַכט און האָט דערבײַ אויך זײַן אייגען לעבען פערלוירען .

אַ זומער־פײגעלע איז פאַרבײַגעפלויגען צווישען די קינדער, בעת זיי ביידע זענען געזעסען אויפ׳ן גראָז, און יאַשקע האָט עס געכאַפּט . ער האָט עס געהאַלטען פאַר אַ פליגעלע, און דאָס זומער־פײגעלע האָט זיך פערצוואַפּעלט געראַנגעלט, האָט געזשומעט און אָנגעמאַכט אַ ווינד צווישען יאַשקע׳ס פינגער . יאַשקע האָט זיך שטאַרק געוואונדערט און האָט עס צוגעקוקט מיט גרויסער נײַגיעריגקייט . בײַלקע איז פערציטערט געוואָרען .

— לאָז אָב, לאָז אָב דאָס נשמה׳לע ! — האָט זי קוים אַרויסגע־רעדט מיט אַנגסט .

— שטשאָ ? [א] — האָט יאַשקע נישט פערשטאַנען און האָט אָבגעריסען בײַ׳ם זומער־פײגעלע אַ פליגעלע . . .

בײַלקע האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר די האַנד . יאַשקע איז פּלוצים אין כעס געוואָרען .

—פּוסטי ! [ב] —האָט ער אויסגעשריגען, רײַסענדיג בײַ איהר זײַן האַנד,

בײַלקע האָט נישט אָבגעלאָזען .

— אוי, טש — טשאָרט !

ער האָט צעקוועטשט דאָס זומער־פײגעלע, האָט עס אַוועקגע־

---

א) וואָס ?

ב) לאָז אָב !

וואָרפען און אַ שטויס געטהון ביילקע'ן מיט דער בעפרייטער האַנד.

אין איין מאָמענט איז ביילקע אויפגעשפרונגען פון אָרט. איהר געזיכט איז געוואָרען כייט־בלאַס, די בלויע אייגלעך — פינסטער און טיעף, און צווישען די האַלב־געעפענטע ליפּלעך האָבען געפינקעלט צוויי ציי־לען שאַרפע, חייסע, צוזאַמענגעדריקטע צייהן. און באַלד האָבען זיך די צייהן טיעף איינגעשניטען יאַשקע'ן אין האַנד.

יאַשקע האָט ברייט געעפענט די אויגען און דאָס מויל און האָט זיך צעשריגען, ווי אַ קאַלב ביי דער שחיטה. אַז ביילקע האָט איהם אָבגעלאָזען, איז ער אַוועקגעלאָפען אַהיים מיט אַ דערשראָקען, הילפלאָז געוויין. זי האָט איהם נאָכגעקוקט מיט פינקלענדע אייגלעך און פערביסענע ליפּלעך.

נאָך דער דאָזיגער מעשה איז ביילקע אַרומגעגאַנגען צעטומעלט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, און וואָס דער זיירע האָט זיך ביי איהר נישט דערבעטען, האָט ער נישט געקאָנט דערגעהן, וואָס איהר איז. דן האָט זיך געשראָקען און אין דער שטיל האָט ער מתפלל געווען:

— רבונו של עולם! האָב רחמנות אויף מיין עלטער און אויף איהרע יונגע יאָהרען — הייל איהרע וואונדען!.. אָ, טאָכטער מיינע, טאָכטער מיינע!..

אין אַ וואָך אַרום איז יאַשקע ווידער געקומען. ער האָט גאָר פערגעסען אָן די גאַנצע מעשה, און זיין ברייט פנים האָט געשמייכעלט ווייך און גוטמוטיג, ווי שטענדיג. און אַז ביילקע האָט איהם קלאָר און דייטליך געגעבען צו פערשטעהן, אַז זי וויל מיט איהם מעהר קיין געשעפטען נישט האָבען, איז ער אַוועקגעגאַנגען זעהר טרויעריג. ער האָט לחלוטין נישט פערשטאַנען, מיט וואָס ער האָט זיך דאָ אַזוי פערזינדיגט, און אומזיסט האָט זיין נישט־געוועהנטער קאָפּ געאַרבייט אויף דער רעטעניש, וואָס ביילקע האָט איהם פערגעבען.

## ח.

יאָהרען זענען געשוואומען איבער'ן בית־עולם. פיער מאָל איז דער טייך פערשטאָרבען געוואָרען, און פיער מאָל האָט איהם דער פריהלינג צו'ם לעבען געבראַכט. פיער מאָל האָט דער „באָבע'ס בוים“ אַרויסגעיאָגט זיינע האַרבע, קיילעכדיגע באַרלעך און זיי צעוואָרפען איבער'ן פעלד. פאַר די צייט זענען די עלטערע בוימער געוואָרען אַ ביסעל אויסגעטריקענט, האָבען זיך אויסגעקרימט און אָנגעהויבען אונטערצוסקריפען, און די יונגע, פערקעהרט, האָבען זיך אויסגעצייגען, אויסגעגלייכט, און זייערע געשטאַרקטע, שלאַנקע גליעדער האָבען יונג און אויפגערעגט געציטערט. פיער מאָל האָבען די ווייסע, ציכטיגע שנייעלעך און די פיעלפאַרביגע קינדישע בלימעלעך איינע נאָך די צווייטע די ערד בעציערט.

פאַר די צייט איז דן'ס גרויע באָרד ווייס געוואָרען, און זיין קליינע, אָבער גלייכע פיגור האָט זיך אַ ביסעל צעשרויפט, אָבגעלאָזען, עטוואָס אויסגעבויגען. עפטער און עפטער בעזוכט ער איצט דעם בוים, וואָס איבער מלכה'ס קבר; לענגער און לענגער זיצט ער דאָרטען פערטראַכט, און אַז ער גלעט ביי'ם אָהוועקגאַנג די אותיות אויף דער מצבה, ציטערען דערביי לייכט זיינע פינגער און די ליפען בעוועגען זיך אין דער

שטיִל . . . די ווערטער „האשה מלכה בת ר׳ תנחום שלמה״ האָבּען זיך אַ ביסעל אָבּגעריבּען, אָבּער פאַר׳ן אַלטען ווערען זיי וואָס אַמאָל שאַרפער און דײַטליכער, און אונטער זיי צייכענט זיך אָבּ אַ גוטמוטיג, קײַלעכדיג פּנים, עטוואָס געעלטערט, מיט אַ שטיל שמייכעלע און מיט פריינדליכע, היימליכע אויגען, וואָס קוקען גלייך אויף איהם, אויף דנ׳ען קוקען זיי, פּונקט אַזוי, ווי זיי האָבּען געקוקט אַמאָל, מיט פיעל, פיעל יאָהרען צוריק . . .

און ביילקע איז געוואַקסען. איהר פּנים׳ל האָט זיך עטוואָס אויסגעצויגען, די גרויסע אויגען האָבּען פערחלום׳ט געקוקט אין די ווייטע וועלט אַריין, און אינגאַנצען האָט זי זיך ווי צוגעהערט צו עפּעס. און פון דער זייט איז שווער געווען צו זאָגען, אויב זי הערט זיך צו צו די קלאַנגען פון דער אויסערער וועלט, צו די אייביגע שטימען פון ערד און הימעל, צו׳ם צאַפּלען פון לעבּען און טויט, — אָדער אין זיך גופא, אין דער טיעפעניש פון איהר קינדערשען הערצעל, הערט זי אַ בת־קול, וואָס רופט און רופט — דערווייל נאָך אונבּעשטימט, אונקלאָר, אַמאָל ווי אַ ליעד פון דער ווייטען, אַמאָל ווי דאָס ברומען פון אַ דונער, וואָס גערהט געבּוירען ווערען, ווי דער אָטהעם פון אַ שטורם, וואָס דאַרף זיך ערשט אַרויסרייסען פון אוצר הרוחות . . . דן האָט זי איינמאָל דערזעהען אויפ׳ן ברעג פון טייך אין אַ הייסען זומער־טאָג: אינגאַנצען אַ נאַקעטע, מיט אויפגעהויבענע און איבּער׳ן קאָפּ פעראייניגטע הענד, האָט זי זיך געקליעבּען צו וואַרפען זיך אין דאָס גרוי־געלע, שווער־דרימלענדע וואַסער, — האָט זיך דער אַלטער דערשראָקען: איהם האָט זיך געדאַכט, ער זעהט אַ בּעשעפעניש פון אַן אַנדער וועלט, מיט אַ בלאַנקער הויט און געטאָקטע גליעדער, איבּער וועלכע עס האָט געשוועבּט אַ קוים מערקליכער, דראָבּנער ציטער, ווי איבּער אַ שטייף אָנגעצויגענער סטרונע. און ווען דער דאָזיגער בלענדענדער האַלב קינדערשער קערפּער האָט אַ שימעריר געטהון אין דער לופט און האָט זיך ווי אַ פייל אַריינגעשניטען אין טייך, — איז דן אַנטלאָפען, אַ צעטומעלטער, אַ דערשראָקענער, אַליין נישט וויסענדיג פאַרוואָס. זעהר צעטראָגען איז ער געזעסען בּיי׳ם פענסטער פון זיין הייזעל און האָט געוואַרט אויף דאָס איינִיקעל. אין האַרצען האָט ער זיך געטראַכט: „נישטאָ מעהר ביילקע. נישט די ביילקע. וואָס וועט זי זאָגען, אַז זי וועט

קומען ?...״ אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זי זיך בעוויזען אויפ׳ן שמאָלען שטעגעל, וואָס שלענגעלט זיך פונ׳ם אָבגרונד ביים טייך ביז צו׳ם קליינעם הייזעל. מיט פאַנאַנדערגעלאָזענע פריש־נאַסע האָר, דאָס געזיכט עטוואָס פערפלאַמט און דער בליק מיעד, האָט זי לאַנג־זאַם און גראַציעז, ווי אַ בת מלכה, געטראָטען מיט איהרע באָרפיסע פיסלעך אויפ׳ן גראָז. בעגעגנענדיג דעם זיידענ׳ס אונזיכערן קוק, האָט זי געענטפערט מיט אַ הערצליכען, קינדישען שמייכעל. דן איז פלו־צים לעבעדיג געוואָרען.

— האָסט זיך געבאָדען ? חע־חע!... — האָט ער געלאַכט סתם אין די וועלט אַריין. — טאַקי זעהר היים, גאָט זאָל שומר ומציל זיין! חע־חע...

ט.

די היצען און יולי האָבען צו זיך קיין גלייכען נישט געהאַט. גאַנ-צע טעג האָט די זון אָפען און שאַרף געקוקט אויף די ערד: ווער עס קאָן מיין פנים נישט זעהן — זאָל געהן פון דער וועלט! געדאַכט האָט זיך — די פערשמאַכטע וועלט וועט באַלד לעצטען קערנדעל פערוואַנ-דעלט ווערען אין ווייסען שטויב. די וועלט איז פערשטיינערט געוואָרען אין טויט-שרעק.

און ענדליך איז געקומען א טאָג.

דער הימעל האָט זיך פערצויגען מיט אַ גרין-קויטיגען הויך. לע-בעדיגע בעשעפעניש'ען האָבען געשלונגען די לופט, ווי געדיכטען, וואַרעמען בוים'אייל. די זון האָט געקוקט דערצאַרנט און בלוטיג.

שוין פון פריה-מאָרגען אָן איז ביילקע אַרומגעגאַנגען אונרוהיג, און צווישען איהרע ברעמען האָט זיך בעוויזען דער קנייטש, איהר קנייטש. און אָוועגד, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען אין העלישען פייע-ער, האָט זיך ביילקע'ס פנים נאָך מעהר פערוואָלקענט, און ביינאַכט, ליגענדיג אין דער פינסטער אויף איהר בעטעל און הערענדיג דאָס

קלאָגען פון ווינד צווישען די מצבות — האָט זי שוין געציטערט מיט אַלע גלידער. וואָס טהוט זיך דאָרט דרויסען? וועמעס אַנגסט ציטערט עס אין דער לופט? וועמען פּײַניגט מען עס דאָרט? וועמעס געוויין פּלאַצט עס — לחלוטין, אײַנגאַנצען, אויף שטענדיג, אויף אײביג?

— ווידע, שלאָפסט, ווידע? — מ'רופט מיך, דו הערסט?... ניין, איך געה נישט! וואָס ווילסטו?... איך געה נישט! איך געה נישט! איך געה נישט!...

שטיל האָט זיך געעפענט די טיר, און אַ קליינע, ווײַסע פיגור איז אַרויס פון שטוב.

דאָס בית־עולם האָט אויפגעלעבט.

אין יענער נאַכט איז די וועלט איבערגעעבען געוואָרען אין די הענד פון אַ שוואַרצער צעווילדעטער מכשפה. איהרע טונקעל־גרויע צע־שויבערטע האָר האָבען זיך געדרעהט, געשטיסען איבער'ן הימעל און איהם אינגאַנצען פערדעקט; איהרע אויגען האָבען פון צײַט צו צײַט גרין־בלאַסע פונקען געשאָסען; זי האָט געקריצט מיט די צייהן און גע־ברומט, דערווײַל נאָך הומפּ און אײַנגעהאַלטען, און איהר שווערער אָטהעם האָט געטרייסעלט די לופט.

אין יענער נאַכט האָבען זיך די מתים דערמאָנט אָן זייער לעבען דאָרט אונטען, אין דער שטאָדט פון די לעבעדיגע, אָן אַלעס, וואָס זיי זענען דאָרט איבערגעשטאַנען און וואָס זיי האָבען געלאָזען נאָך זיך. און וועהרענד די שטאָדט פון די לעבעדיגע איז געווען ווי איבערגעשטאָרבען, און קיין איינציג פענסטער'ל פון דאָרט האָט אַהער זײַן לעבעדיגען בליק נישט גע־שיקט, האָט דאָ, אין דער שטאָדט פון די טויטע, קיין איינציג גרעזעל נישט גערוהט. אַ דערשראָקענער שאָרך איז געגאַנגען האָרט בײַ דער ערד. העכער אין דער לופט, וואו עס האָבען געטונקעלט די איבערגע־בלאָזענע קעפּ פון די בוימער, האָבען פערשטיקטע קרעכצען און אַ שאַרף געמורמעל געשניטען די נאַכט, און צווישען די קברים האָבען ווי פערוואונדעטע פייגלען מיט'ן טויט זיך געראַנגעלט, זיך געצאַפּעלט און מיט אָבגעשוואַכטע פליגעל אָן די מצבות געפּאַטשט.

פֿיל אויס׳ן בויגען האָט בײלקע דאָס בית־עולם דורכגעשניטען און איז צוגעפֿלויגען צו דער ווערבע, וואָס האָט זיך שטום און פֿערביסען געריסען אַמאָל צו׳ם אָבגרונד, אַמאָל צו׳ם הימעל. מיט חוצפה האָט דער זוינד געהויבען און געריסען בײלקע׳ס העמד פֿון לייב און מיט ווילדער תאוה האָט ער זיך געוויקעלט אַרום איהר ווײַסען קערפער און זיך גע־פֿרעסט צו איהר ברענענדער הויט. זי איז אַרויפגעשפּרונגען אויף די ווערבע, האָט מיט איהרע פֿינגער אויף טויט פֿערקלעמט די פֿלאַטערנדע צווייַגען און אַרײַנגעשטאָכען איהרע בליקען אין אָבגרונד.

פֿינסטער. צײַטענווייז זילבערט זיך דאָרט אונטען ווי אַ ווײַסליכער שוים און גלײַך צעגעהט ער, ווי אַ שנייעלע אין וואַסער. אַ מרידה דאָרט אונטען, אַ שטאַרקע מרידה. מ׳ראַנגעלט זיך, מ׳שלוכצט, מ׳ברומט ווילדי און בלוטגיערינ. בעקאַנטע קלאַנגען. בעקאַנטע קלאַנגען.

געוועזען אַמאָל. געוועזען אַמאָל. וואָס געוועזען? ווען געוועזען?

און דאַן האָבען זיך ביי בײלקע׳ן אַרויסגעריסען צוויי קורצע, אָב־געהאַקטע געשרייען:

— מאַמע! — מאַמע! —

צום ערשטען מאָל, זינט זי איז ביים זיידען אין הויז.

עמיץ האָט מיט אַמאָל אַראָבגעריסען דעם שווערען שלייער, וואָס האָט יאָהרען לאַנג איהר קאָפּ געדריקט. זי האָט דערזעהען וואָס זי האָט געזעהען.

## י.

— — — א קליין, ארעם צימער. ביי'ם פענסטער קוקט ארויס א חמורנער יונגערמאן — איהר שוויינענדיגער טאטע. הינטער איהם — א ליכטיג פרויען־געזיכט — איהר ליעבהארציגע מאמע. דרויסען — שרעק־ליכע געשרייען, יללות, א קלאפעריי, א ברומעריי — ווי איצטער דער שטורם. אין צימער — א פערביסענע שטילקייט.

די קולות — נעהענטער. דער טאטע — בלייכער. מיט שבור'ע טריט געהט די מאמע צו'ם בעט און זעצט זיך אנידער. די טיר קנאקט און פלאצט. דער טאטע חאפט א שטוהל, און דער מאמע'ס אויגען ווע־רען מורא'דיג גרויס און שווארץ.

א לוסטיג־בייזער רעש און א פייפעריי. רויטע פנים'ער, גראבע הענד, העק, האמערס און שטעקענס. דער טאטע קלאפט מיט'ן שטוהל אויף א רויט פנים. א האמער און א גראבער האנד פאלט אויפ'ן טא־טענ'ס קאפ. דער טאטע פאלט. עמיצער ליעגט אויף איהם און קלאפט מיט א האמער אן זיין קאפ. דייטליכע, אבגעטיילטע קלעפ: טופ — טופ — טופ... ביילקע'ן ווערט קאלט און שטעכעדיג אין פלייצע. איהרע ציינדלעך דריקען זיך צונויף און די ליפלעך עפענען זיך פון

זיך זעלבסט: איינם אַרויף, איינם אַראָב. זי זיצט אויף דער ערד און קוקט מיט אויגען.

דער מאַמע'ס פּנים קרימט זיך אויס און ווערט העסליך גרין. אַ גרויסער גוי מיט רויטע, האַרטע וואָנסען וואַלגערט זי אַניעדער אויף דאָס בעט און פערדעקט איהר מויל מיט זיין האַנד. ביילקע זעהט אַ פּאָר פּיס אין גרויסע שטיוועל, וואָס טופּען נעבען בעט — און דער פּראָסט אין איהרע ביינער ווערט שאַרפער. די מאַמע שרייט פערדומפּ־פען: „חיים!", נאָר פון ווינקעל הערט מען נישט מעהר ווי די וויי־בע, אָבער דייטליכע קלעפּ אין טאַטענ'ס קאָפּ: טופּ — טופּ — טופּ. דאַן חריפּעט די מאַמע: „ביי—לע—ניו!"...

אַ הייסער שטראָם קאַלט־אויף אין ביילקע'ס פּלייצע, און איהרע גליעדער ווערען ווייכער און פרייער. זי קוקט נאָך אַלץ אויף די פּיס אין די גרויסע שטיוועל, און איהרע ציינדלעך הייבען אָן זיך צו שאַרפען. זי רוקט זיך צו'ם בעט איבער דער ערד, אַ מאָל מיט איין זייט, אַ מאָל מיט דער צווייטער, און די ציינדלעך שאַרפען און שאַרפען זיך. ווען די שטיוועל זענען שוין גאָר נאָהענט, לאָזט זי אַריין איהרע ציינדלעך אין איינעם פון זיי און מיט פערמאַטטע אויגען פערגעהט זי זיך אין ווילדען, שכור'ן פערגעניגען.

אַ קורץ געשריי. דער שטיוועל הייבט זיך צוזאַמען מיט ביילקע'ן. דערנאָך ווערט פינסטער און שטיל. פינסטער און שטיל.

## יא.

דער שטורם האָט דערגרייכט זיין העכסטען גראַד.

ניט קיין ווינד האָט שוין איצטער געבלאָזען — די גאַנצע אַטמאָ־ספערע האָט אין ווילדער משוגעת זיך געוואָרפען און געוויקעלט אַרום דער דערשראָקענער ערד. די ביימער האָבען זיך געריסען די האָר פון די קעפּ. די נשמות האָבען זיך געוואָרפען אויף זייערע מצבות, האָבען זיי געטרייסעלט, געריסען און געבראָכען, גלייך זיי וואָלטען וועלען די טויטע שטאָדט אינגאַנצען אָפּטרעקען פון געזיכט פון דער ערד. עס האָט אויסגעזעהען, ווי די וועלט קעהרט זיך אום צוריק צו׳ם תהו ובהו, פון וועלכען זי איז ענטשטאַנען, פון וועלכען זי איז אַזוי ווייניג ווייט אַוועקגע־גאַנגען.

פון דער וועריבע איבער׳ן אָפּגרונד רייסט זיך אין רייסט זיך אַ שטילער יאָמער:

— מאַמעלע — מאַמעלע — מאַמעלע!..

די מענשעלעך־שפּיעלכעלעך האָבען זיך ענדליך געעפענט און

בעוויזען אַלע, אַלע זייערע רעדעלעך! פּלוצים און אומגעריכט האָבען זיך די רעדעלעך ענטפלעקט, און אַלע מיט אַ מאָל, מיט זייער גאַנצער פּערפּלאָנטערטקייט, מיט זייער גאַנצער פּערמישעניש און פּער־דרעהעניש. דאָס מענשעלע פאַלט שטום און פערביטערט מיט׳ן פּנים אויף די מצבות פון זיינע הארצענס־געליבטע — און קלאַפּט ווייך און פערדומפּפען מיט אַ האַמער אָן טאַטען׳ס קאָפּ, און רייסט ביי דער מאַ־מען די קליידער פון לייב. דאָס מענשעלע האָט מורא פאַר וועהטאָג און שאַנד, האָט זעהר, זעהר מורא פאַר וועהטאָג און שאַנד — און פייניגט, און מאַטערט, און שענדט, און בעלעדיגט מיט טיפער התפעלות, מיט תאוה און זעלבסטפערגעסענהייט, מיט דער היץ פון מסירת נפש. די רעדעלעך דרעהען און דרעהען זיך, די צייהנדעלעך טשעפּען און רייסען זיך, — און דאָס מענשעלע טאַנצט! און דאָס מענ־שעלע טאַנצט!

עה, מענשעלעך־ליאַלקעלעך, פייגעלעך, פישעלעך —
אַהער־צו, צו׳ם טענצעל זיך שטעלט!
און הענטלעך צו הענטעלעך, פיסלעך צו פיסעלעך —
גאָט האָט בעשאַפען די וועלט!

ער שפּילט זיך מיט לעהם און מאַכט מאַנעלעך, ווייבעלעך,
אַ קאַץ, אַ לבנה, אַ האָהן. —
עה, וועלפעלעך, שעפּסעלעך, שלענגעלעך, טייבעלעך —
שטעלט אַלע זיך שנעלער צו׳ם קאָהן!

ער טראָגט אַ האַלאַטעל און רינגלעך און שטרייפעלעך
און הויזען — האַלב געל און האַלב רויט.
ער שפּילט אויף אַ קעמעל. און פייפט ער אין פייפעלעך —
נעהם ס׳לעבען אַ טאַנץ מיט׳ן טויט.

ער קלאַפּט זיך צו'ם טאַקט אין אַ פּעקל מיט שטעקעלעך
מאַכט קונצען, און קרימט זיך, און קוועלט. — — — —
אַ גאָט אין אַ מיצעל, אַ מיצעל מיט גלעקעלעך —
חאַ־חאַ! — האָט בעשאַפען די וועלט...



# שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ.

## א.

אמת, דאָס איז געווען אַ בייזער שטורם; אָבער ווען מ'איז אַלט ניין יאָהר, פערגעסט מען שנעל דעם גרעסטען שטורם. און מאיר'לען איז עטליכע וואָכען פאַר פסח געוואָרען ניין יאָהר.

אמת איז אויך דאָס, אַז אין שטוב האָבען שטענדיג געצויגען אַזעלכע ווינטלעך, שאַרפע, פראָסטיגע ווינטלעך, וואָס האָבען געשטאָכען אין לייב און יעדעס מאָל דערמאָנט. אָבער מאיר'ל האָט געלעבט מעהר אין גאַס, איידער אין שטוב, — געלעבט אין די ווילדע גאַסען פון ניו־יאָרק. טאַרטילאָוו — און ניו־יאָרק! ניו־יאָרק האָט פערפלייצט טאַרטילאָוו און עס אַראָבגעשווענקט פון זכרון. געבליבען בלויז אַ ערינערונג אָן אַ חלום. און דערצו, אַז מ'איז אַלט ניין יאָהר, פערגעסט מען זעהר גיך יעדען שטורם.

נאָר אייב אפילו דאָס איז געווען אַ חלום, — מאַמעלע, ס'אַר אַ מורא'דיגער חלום!...

געזעסען איז מען דעמאָלט אין „חדר" און געלערנט, — געלערנט עפּעס אַזוי, פון יוצא וועגען, ווארום תשובה־טעג, סוף „זמן", וויערט

דער רבי מילדער. איז ווי מ'זיצט אַזוי אין מ'לערנט, ווערט אין גאַס אַ קלאַפּערײַ מיט טירען, און דורך די פענסטער פון חדר זעהט מען, ווי יודען לויפען אַרום דריכען עפּעס אַזוי ווי אָהן זינען, וואַרפען און דרעהען זיך, פּונקט ווי בלעטלעך בעת אַ „ווינטער", ווען אַ מכשפה הייבט זיך אויף פון דער ערד אין אַ זײַל פון שטויב און טהוט זיך אַ דרעה איבער דער גאַס עפּעס אַזוי שנײַדיג און אומגעריכט, אַז עס געהט איבער אַ סקרוך איבער'ן לײַב... און אַזוי ווי מ'לויפט אַזוי אין גאַס, לאָזט זיך דער רבי אַראָב אויף זײַן שטיהל און ווערט ווײַס, ממש ווי אַ טויטער, און די אונטערשטע ליפּ ציטערט זיך עפּעס אַזוי בײַ איהם...

מעהר האָט איהם שוין מאיר'ל נישט געזעהען. שפּעטער האָט מען דערצעהלט, אַז מ'האָט דעם רבי'ן דער'הרג'עט, אָבער מאיר'לען האָט די מעשה נישט קיין הנאה געטהון, חאָטש דער רבי פּלעגט שלאָגען ווי אַ גזלן, און נישט באַנג געטהון אויך — עס האָט זיך איהם עפּעס סתם נישט געלעגט אײַפ'ן שכל: וואָס איז שייך — „דער'הרג'עט"?.. און אָט אַזוי נישט־קלאָרערהײַט איז די פראַגע בײַ איהם אײַנגעגאַנגען פערשוואונדען, צוזאַמען מיט'ן רבי'ן, וועלכען ער האָט ביזלעכווײַז פערגעסען.

און נאָכדעם איז ערשט געווען אַ מורא. צוויי טעג זענען זיי אָבגעליגען אין באָד, — ער און נאָך יונגלעך און עטליכע עלטערע מענשען, אָהן עסען, אָהן טרינקען און אָהן טאַטע־מאַמע... מ'האָט איהם נישט געלאָזען געהן אַ היים. און אַז ער האָט זיך איינמאָל צעשריגען, האָט מען איהם שיער נישט דערשטיקט, און אַ צײַט דערנאָך האָט ער געשלוכצט אין זיך געטרייסעלט, נישט קאָנענדיג אין זיך דערשטיקען דאָס געוויין מיט אַ מאָל. אַ פּאָר מאָל פאַר די צײַט איז ער אײַנגעשלאָפען, און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז געווען אַלץ דאָסזעלבע. און צווישען די אַלע שרעקען איז געווען בלויז איין וואָרט — „גוים", — וואָס האָט בײַ איהם אַרויסגערופען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגען עפּעס ווירקליך שרעקליכעס. דאָס איבריגע איז געווען זעהר נישט קלאָר, און אויסערדעם האָט ער טאַקי, אײַגענטליך, גאָרנישט ניט געזעהען.

און שפּעטער, ווען דאָס אַלעס איז פאַר'איבער, איז אַלץ נאָך איהם

קיינער נישט געקומען, און אַ פרעמדער יוד האָט איהם אָבגעפיהרט אהיים. און נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע האָבען איהם גאָרנישט ניט געזאָגט, פונקט ווי ער וואָלט דאָס קומען פון „חדר“, ווי אַלע טאָג.

אַלעס אין שטוב איז געווען צעבראָכען. דעם טאַטען האָט מען אויסגעדרעהט אַ האַנד און צעשלאָגען דאָס פּנים. די מאַמע איז געליגען אויפ׳ן בעט, די בלאָנדע האָר צעוואָרפען, די אויגען ווי פערשלאָפען, דאָס פּנים בלאַס און קויטיג, און איהר גאַנצע פיגור עפּעס אַזוי צעשויבערט און אָבגעלאָזען, ווי אַ שווער, צעקנייטשט איבערבעט. דער טאַטע איז שווייגענדיג אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב, נישט קוקענדיג אויף קיינעם, מיט דער איבערגעבונדענער האַנד אויפגעהאַנגען אויף אַ ווייסען טיכעל אַרום האַלז. און אַז מאיר׳ל האָט פּלוצים דערשפּירט עפּעס אַ געהיימען שרעק און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפ׳ן קול, האָט דער טאַטע בלויז געוואָרפען אויף איהם אַ חמורנעם, רויהען בליק און האָט זיך ווייטער געשפּאַנט אָהן לשון איבער׳ן צימער.

אין דריי וואָכען אַרום זענען זיי אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ. בעת זיי זענען געווען אויפ׳ן וואַסער, האָט עס זעהר געוואָרפען, און די מאַמע איז די גאַנצע צייט געליגען אונטען אויף איהר בעטעל און האָט שרעקליך געבראָכען. מאיר׳ל איז געווען געזונד, און דער טאַטע פלעגט שטענדיג אַרומגעהן, שטענדיג נאָר אַרומגעהן אויף און אָב, אויבען, אויפ׳ן דעק, אפילו אונטער׳ן גרעסטען רעגען, ביז מ׳פלעגט קומען און אַראָבטרייבען.

מאיר׳ל ווייסט נישט אַקוראַט, וואָס דעמאָלט איז געשעהען אַזוינס, נאָר איינמאָל האָט אַ גוי אויפ׳ן שיף עפּעס פערטשעפּעט דעם טאַטען, — האָט עפּעס אַ לאַך געטהון פון איהם, צי וואָס, — האָט זיך דער טאַטע אַ שטעל געטהון און געגעבען אויף יענעם אַ קוק — דוכט זיך, נישט מעהר ווי אַ קוק! — האָט זיך דער גוי דערשראָקען, האָט זיך אָבגערוקט און זיך גענומען צלם׳ן, און שפּייען, און שעפּטשען עפּעס מיט די ליפּען... דעם אמת זאָגענדיג, האָט זיך מאיר׳ל אַליין אויך דערשראָקען, זעהענדיג, ווי ביי׳ם טאַטען האָט זיך דאָס מויל אויסגעקרימט, זיינע צייהן האָבען געקריצט, און די אויגען זענען ביי איהם ווי אַרויסגע

קראָכֿען פון קאָפּ. אַזעלכֿען האָט איהם מאיר'ל נאָך קיינמאָל נישט געזעהען. אָבער באַלד האָט ער ווידער גענומען שפּאַנען איבער'ן דעק מיט'ן קאָפּ איינגעגראָבען אין איפּגעשטעלטען קאָלנער פון זיין ראָק, די הענד אין די אַרבעל און דעם רוקען אַביסעל איינגעהויקערט.

און אַז זיי זענען אַריינגעפאַלען אין ניו-יאָרק, האָט מאיר'לען אָנגעהויבען צו שווינדלען אין קאָפּ, און כמעט באַלד האָט זיך מאַרטילאָגו פערוואַנדעלט אין אַ חלום.

## ב.

נעֶוועֶן איז עֶס אין אָנהויב ווינטעֶר, און אין גיכֿעֶן זעֶנעֶן געֶקימעֶן די שנייעֶן, פרישעֶ, ווייסעֶ שנייעֶן, און עֶס איז געֶוועֶן אַ וועֶלט. מאיר'ל איז געֶוואָרעֶן אַ „באָי“ א), און באַיעֶס געֶהעֶן אין „סקול“ ב), און וואַרפעֶן שניי-קייקעֶלעֶך, און פליהעֶן אויפ'ן גליטש, און צעֶלעֶגעֶן פייעֶרעֶן אין מיטעֶן נאַס — און קיינעֶר זאָגט נישט אַ וואָרט. און שטוב האַפט מעֶן אָן עֶס און אַ שלאָף — און לעֶבעֶן לעֶבט מעֶן אין נאַס.

קאַלטעֶ, שטעֶכֿיגעֶ ווינטלעֶך ציהעֶן אין שטוב און מאַכֿעֶן זי אונהיימליך. דעֶר טאַטעֶ, אַ מאָגעֶרעֶר, ברייט-ביינעֶריגעֶר יוד מיט אַ טונקעֶל-ברוין פּנים און אַ שוואַרצעֶר באָרד, איז פון שטעֶנדיג אָן געֶוועֶן אַ שווייגעֶר, און זעֶלטעֶן ווען מ'האָט פון איהם געֶהעֶרט: „האָרכֿסטו, ציפּעֶ“... — אָבעֶר איצט שווייגט עֶר — מורא'דיג. די מאַמעֶ, פעֶרקעֶהרט, איז געֶוועֶזעֶן אַ לעֶבעֶדיגעֶ, אַ בעֶרעֶדעֶוודיגעֶ, און שטעֶנדיג נאָר אַרומגעֶטאַנצט, און „שלמה“ אַהין, און „שלמה“ אַהעֶר, און מעשׂ'ית — פון דעֶר וועֶלט! און פּלוצים האָט זיך דאָס אַלעֶס ווי אָבגעֶהאַקט. דעֶר

---

א) אַ יונגעֶל.

ב) שולעֶ.

מאַטע דרעהט זיך ־רק איבער דער שטוב הין און צוריק, און זי דרעהט דעם קאָפּ, ווי אַ קינד, נאָך איהם און קוקט איהם נאָך, גלייך זי וואָלט שטענדיג וועלען און קיינמאָל זיך ניט דערוועגען עפּעס צו זאָגען. עפּעס נייעס האָט זיך בעוויזען אין איהר קוק, עפּעס אַזוינס — וואָס, אַ שטייגער?.. — עפּעס אַזעלכעס, ווי אין די אייגען ביי „מישקען" — דעם הונד, מיט וועלכען מאיר'ל פלעגט זיך ליעב האָבען צו שפּיעלען דאָרטען, אין דעם חלום'דיגען שטעדטעל. עטליכע מאָל, אויפהאַפּענדיג זיך אין מיטען דער נאַכט פון שלאָף, האָט מאיר'ל געהערט, — אָדער איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט, — ווי די מאַמע הליפּעט, און דערביי פלעגט דער מאַטע, איפּ'ן צווייטען בעט, אַזוי פּיפּקען זיין ציגאַר, עפּעס אַזוי שטאַרק פּיפּקען זיין ציגאַר, — און אַ מורא איז עס געווען צו זעהן, ווי אַ פייערל בלאָזט זיך אויף יעדעס מאָל אין דער פינסטער, עפּעס ווי פון זיך אַליין, און דער לופט, איבער'ן פלאַץ וואו עס מוז ליעגען דעם טאַטען'ס שוואַרצער קאָפּ... נאָר די אייגען ביי מאיר'לען שליסען זיך אַליין, עפּעס פלאָנטערט זיך ביי איהם אין קאָפּ, די מאַמע, מיט'ן גליהענדען פייערל, מיט'ן גאַנצען צימער פערזונקען ערגעץ — און מאיר'ל שלאָפט.

צוויי מאָל דורכ'ן ווינטער איז די מאַמע קראַנק געוועזען. איינמאָל האָט עס געדויערט צוויי טאָג, דאָס צווייטע מאָל — פיער, אָבער ביידע מאָל האָט זי אויסגעזעהען צו זיין מסוכן. איהר פּנים האָט געגליהט, ווי אַן אויווען, די אונטערשטע ליפּ האָט געבלוטעט אונטער איהרע שאַרפע, ווייסע צייהן, און דאָך האָבען ווילדע, מורא'דיגע קרעכצען אויסגעזאָגט דעם סוד וועגען ווילדע, מורא'דיגע וועהטאָגען. און אָפטמאָל האָט זי געבראָכען, ווי דאָרט, איפּ'ן וואַסער, — געבראָכען אַזוי, ווי אַלע איהרע געדערים וואָלטען זיך וועלען אַרויסרייסען דורכ'ן האַלז.

און דעמאָלט — האָט זי שוין נישט געקוקט איפּ'ן טאַטען מיט אַ געבעט. ניין, דאָס איז געווען עפּעס אַנדערש — דאָס איז געווען — דאָס איז געווען — יאָ: מישקע האָט זיך אַ מאָל אַריינגעשטאָכען אַ שאַרפען דאָרן מיטען אין אַ לאַפּע, האָט ער געקוויטשעט, און געברומט ביז אין פערבייסען, און געקייט די לאַפּע, ווי ער וואָלט וועלען זי אויפפרעסען צוזאַמען מיט דעם דאָרן.

אין יענע טעג איז אויך דער טאַטע געווען אַן אַנדערער. נישט אַרומגעגאַנגען איז ער שוין איצט איבער׳ן צימער, נאָר אַרומגעלאָפען; דער ציגאַר צווישען זיינע ציין האָט זיך געדרייט אַזוי און געכריפּעט אַהין און אויפהער, און אָנשטאָט דעם איינעם וואָלקען, וואָס איז שטענדיג פערגליווערט געהאַנגען איבער זיין שטערן, האָבען זיך פיעלע וואָלקענס געיאָגט און געדרעהט אין די טיפע און בריטע קנייטשען, און צווישען זיי האָבען פון צייט צו צייט ווי בליצען דורכגעשפּריצט און אויגענבליקליך זיך געלאָשען. נישט ער האָט געקוקט אויף די מאַמען, נישט זיי ביידע האָבען זיך אומגעקוקט אויף איהם, מאיר׳לען, וועלכער האָט זיך דאַן געפיהלט אינגאַנצען עלענד און פערלאָזען.

און — אַ מאָדנע זאַך! — גראָד אין יענע טעג האָט עס מאיר׳לען געצויגען צו דער היים. אין גאַס איז געווען ווי אַלע מאָל, און אין שטוב — עפּעס ווי ימים נוראים אין שיל צו שופר=בלאָזען, ווען אַזוי פיעל גרויסע טאַטעס מיט טליתים איבער זייערע קעפּ שטעהען און האַלטען איין דעם אָטהעם, און פון וויטען קומט אָן און טראָגט זיך איבער׳ן גאַנצען עולם אַליין און מעכטיג אַ לאַנגע, געצויגענע תקיעה: טאָ=טאָ=וּ=וּ=וּ!..

און ביידע מאָל נאָך דער מאַמע׳ס געזונד=ווערען האָט זיך אַ טונקעל=גרויער שאָטען ווידער געלעגט איף דאָס הויז. דער טאַטע איז געוואָרען פינסטערער ווי פריהער, און די מאַמע האָט איהם נאָכגעקוקט דערשלאָגענער און הינטישער ווי אַלעמאָל. און מאיר׳ל איז ווידער געלאָפען פון שטוב אין די טומלענדע גאַס אַריין.

ג.

די ווייסע שנייען זענען געוואָרען וועלטענער, דערנאָך האָבען זיי זיך אינגאַנצען אויפגעהערט צו ווייזען, ווי פייגלען וואָס האָבען פערלאָזען זייער נעסט. אין דער לופט האָט געהאַלטען אין ווערען עפּעס נייעס, — וואָס, אייגענטליך, וואָלט פאַר מאיר'לען שווער געווען צו זאָגען. יעדענפאַלס, איז עס געווען עפּעס אַ גוטס, זעהר אַ גוטס, דען אַלע אין גאַס האָבען זיך געפרעהט דערמיט. דאָס האָט מען אָנגעזעהען אויף זייערע פּנים'ער, וועלכע זענען געוואָרען ליכטיגער און פריינדליכער.

ערב פּסח אין דער פריה האָט זיך דער הימעל אין היז איך געהאַט אַ ביסעל אויסגעלייטערט. די גאַס און די שטוב האָבען זיך ווי דער־לאַנגט די הענד דורך די צו'ם ערשטען מאָל געעפענטע פענסטער, און פון דער דאָזיגער התקרבות איז ביי מאיר'לען געוואָרען לייכטער אויפ'ן הארצען.

מאַמע־מאַמע האָבען געמאַכט הכנות צו'ם פּסח. אָרעמע הכנות זענען דאָס געווען: קיין מצה־פּאָדריאַד מיט זיין יום־טוב'דיגען טומעל, — אַ פּעקעל קאַלטע, אַלט־געבאַקענע מצות האָט מען אין שטוב אַריין געבראַכט; און ווינקעל שטעהט נישט קיין פּעסעל פּסח'דיגען באָרשטש,

צונעֶריעֶקט מיִט אַ גראָבעֶן טיִשטוּך פוּן ניִשט=געֶוואַשענעֶר לייוועֶנד ; פוּן בוי=
דעֶם שלעֶפּט מעֶן ניִשט דאָס פעֶרשטייבטעֶ געֶפּעֶס , וואָס שטעֶהט דאָרטעֶן
מבֿמה יאָהרעֶן : דעֶר טאַטעֶ האָט געֶבראַכֿט פוּן גאַס געֶפּעֶס , וואָס עֶר
האָט צונויפגעֶקויפט ביִליִג און ניִשט צוּ דעֶר פּאָר . אָבעֶר דעֶר הויך פוּן
אַ יום=טוֹב האָט זיִך פאָרט געֶשפּיִרט און געֶוואַרעֶמט די נשמה . איִן דעֶר
היים , איִן טאַרטיִלאָוו , האָט מאיר׳לעֶן אַ פּאָר מאָל געֶבראָכֿעֶן צוּ ליִגעֶן
ביינאַכֿט אויף זיין בעֶטעֶל מיִט אָפּעֶנעֶ אויגעֶן און זיִך צוּצוּהעֶרעֶן מיִט אַ
האַרץ פעֶרשטיינעֶרט פוּן שרעֶק צוּ דעֶר פיִנסטעֶרעֶר שטיִלקייט , ועֶהרעֶנד
די גאַנצעֶ וועֶלט , דאָס הייסט , די גאַנצעֶ שטוּב , איִז געֶוועֶן ווי איִס=
געֶשטאָרבעֶן ; און עֶס האָט געֶניִגט אַ פלוצליִנגעֶן פּראָסטעֶן קרעֶה פוּן אַ
האָהן איִן אַזאַ פאַל אויף אַריינצוּגיִסעֶן איִן זיין האַרץ אַ הייסעֶן שטראָם
פוּן פרייד און היימליִכֿקייט .

דעֶם טאַטעֶנ׳ס פּנים איִז געֶוואָרעֶן עֶטוואָס הייטעֶרעֶר . בייטאָג , ווען
עֶר האָט געֶהאַלטעֶן איִן איִבעֶרוויִשעֶן די כּוֹסוֹת , האָבעֶן זיינעֶ אויגעֶן געֶ=
קוקט עֶטוואָס צעֶשטרייט , אָבעֶר זיינעֶ ליִפּעֶן זעֶנעֶן געֶוועֶן אַזוי צוזאַמעֶנ=
געֶלעֶגט , אַז עֶס האָט זיִך געֶדאַכט , אָט=אָט וועֶט זיִך אויף זיי בעֶוויזעֶן אַ
שמייכֿעֶל . די מאַמעֶ האָט דאַן כמעט פרעֶהליִך אַרומגעֶטאַנצט איִן קיִך
אַרוּם די עֶרשטעֶ מצה=לאַטקעֶס , וואָס האָבעֶן געֶפּלוידעֶרט און געֶגאָר=
געֶלט אויף דעֶר פּאַן , — ווען אַ שכֿנה איִז אַריינגעֶקומעֶן לייהעֶן עֶפּעֶס
אַ טעֶפּעֶל . מאיר׳ל איִז בשעת מעשה געֶוועֶן נעֶבעֶן דעֶר מאַמעֶן . איִהר
טעֶפּעֶל האָט די שכֿנה געֶקראָגעֶן , די וויבעֶר האָבעֶן זיִך איִבעֶרגעֶוואָר=
פעֶן מיִט אַ פּאָר ווערטעֶר מכּח דעֶם קומעֶנדעֶן יום=טוֹב , דעֶרנאָך
האָט די שכנה געֶזאָגט : „וועֶלעֶן מיִר ביי איידָ , הייסט עֶס , איִן גיִכֿעֶן
האָבעֶן אַ שמחה ?" . . . זי האָט מיִט אַ וואונק און אַ שמייכֿעֶלעֶ אָנגעֶוויִ=
זעֶן מיִט׳ן פיִנגעֶר אויף די מאַמעֶן , און דאָ עֶרשט האָט מאיר׳ל פּלוּציִם
בעֶמעֶרקט , אַז דעֶר מאַמעֶ׳ס פיִגור איִז געֶוואָרעֶן קיילעֶכֿדיִג און פיל . עֶר
האָט אָבעֶר קיין צייט ניִשט געֶהאַט וועֶגעֶן דעֶם אַ טראַכֿט צוּ טהון : פוּן
צווייטעֶן ציִמעֶר האָט זיִך דעֶרהעֶרט אַ בראַזג פוּן צעֶבראָכֿעֶנעֶ כּוֹסוֹת . די
מאַמעֶ איִז געֶבליִבעֶן שטעֶהן ווי אַ דעֶרשלאָגעֶנעֶ , און דעֶר טאַטעֶ האָט
זיִך בעֶוויִזעֶן איִן טיִר .

— געֶהט ! . . . — — —

פון זייַן שטימע האָבען די שייבען אין די פענסטער אַ גרילין געטהון, גלייַך אַ שווערער וואָגען וואָלט האַסטיג פאַרבייַגעפאָהרען אויפ'ן ברוק.

די דערשראָקענע שבֿנה האָט זיך עפּעס מאָדנע איבערגעדרעהט און איז אַרויס פון טיר.

ד.

איינגעלומפּערט האָבען אײַנגעזעהען דער טאַטע אין די מאַמע אין ווײַסע יום־טוב׳דיגע מלבושים און מיט פּנים׳ער פון אבלים. איינגעלומפּערט האָט אויסגעזעהען דער גאַנצער „סדר“ מיט אַ געמיט פון דער „סעודת הפסקה“ ערב תשעה־באב פאַרנאַכט. און ווען מאיר׳ל האָט מיט אַ פאַרבלאָזער שטימע, ווי אַ געדונגענער, געזונגען דעם „מה נשתנה“, האָט עס איהם פערקוועטשט בײַ׳ם האַרצען: אַרום איהם איז געווען מאָדנע שטיל, ווי אין אַ שיל בעת אַ יתום׳ל זאָגט זײַן ערשטען קדיש...

דער מאַמע׳ס ליפּען האָבען זיך בעוועגט אָהן אַ שום קלאַנג; פון צײַט צו צײַט האָט זי געגעבען אַ פינגער אויף די ליפּען און איבערגע־קערט אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט, און פון צײַט צו צײַט האָט זיך אַ פוילע, שווערע און גלאַנצענדע טרער לאַנגזאַם געקײַקעלט איבער איהר שעכטע, אָבער דערשלאָגענעם פּנים און איז געפאַלען אויפ׳ן סדור, אויף דאָס ווײַ־סע טישטוך, אויף איהרע קליידער. דער טאַטע האָט אויף איהר ניט געקוקט. זעהט ער, אַז זי וויינט?... ניין מאָדנע זאָגט ער די הגדה! ער זאָגט אַ שטיקעל, זאָגט מיט אַ ניגון, מיט אַ געציטערטען טאָן, אין פּלוצים האַקט זיך זײַן קול, מאַנכמאָל מיט אַ חאָרכעל, ווי אַ האַנד וואָלט זײַן האַלז צוגעשטיקט... דאַן קוקט ער שווײַגענדיג אין די הגדה,

אָדער זײַן בליק בלאָנקעט זיך אַרום איבער׳ן צימער, עפּעס גלאַט אַזוי אין די װעלט אַרײַן. און ער נעהמט װידער זאָגען, און זײַן שטימע האַקט זיך װידער . . .

געגעסען האָט מען כמעט גאָרנישט, געבענשט האָט יעדער פאַר זיך, אין דער שטיל, און פּלוצים האָט דער מאַמע געזאָגט:

— מאיר, עפען די טיר . . .

עמװאָס מיט מורא און מיט אַ טונקלען געדאַנק װעגען אליהו הנביא האָט מאיר׳ל אַ ציה געטהון די טיר.

שפוך חמתך על הגוים,
אשר לא ידעוך! . . .

אַ דראָבנער שידער איז פּלוצים דורכגעלאָפען איבער מאיר׳לס פּלײצע: אַ פרעמדע, גאַנץ אומבעקאַנטע שטימע האָט אַ קלונג געטהון פון אײן עק צימער ביז׳ן צװײטען, האָט אַרױפגעשאָסען צו׳ם באַלקען, האָט זיך אַ שלײַדער געטהון אַראָב און גענומען אַרומװאַרפען זיך צװישען די פיער װענד, װי אַ צעװילדעטער פײגעל אין שטײַג. מאיר׳ל האָט שנעל אומגעדרעהט זײַן געזיכט צו׳ם טאַטען — און פון פחד האָבען איהם די האָר אָנגעהױבען צו שטעלען אין קאָפּ: גראַד, װי אַ שטײַף אָנגעצױגענע סטרונע, איז געשטאַנען נעבען טיש עפּעס אַ װילדע פיגור אין אַ שנײ־װײַסען קיטעל, מיט אַ טונקלער באָרד און אַ ברױנעם בײַנערינען פּנים, און איהרע צװײ אױגען האָבען געגליהט מיט אַ שװאַרצען, אומהײמליכען פײַער. די צײהן האָבען געקריצט, און די שטימע איז צװישען איבערגעגאַנגען אין אַ װילדע קלאָג פון אַ חיה, װאָס ברומט נאָך צאַפּלענדיג פלײש און װאַרעם בלוט. די מאַמע איז איפגעשפּרונגען פון אָרט, טרײסלענדיג זיך מיט אַלע גלידער, האָט אַ סעקונדע געקוקט אױפ׳ן טאַטען, דערנאָך האָט זי זיך אַ װאָרף געטהון צו זײַנע פיס, האָט אָנגעהאַפּט מיט בײדע הענד אַ בריג פון זײַן קיטעל און אַרױסגעלאָזען אַ יאָמער:

— שלמה, שלמה, דער׳הרג׳ע מיך בעסער, שלמה! טייט מיך! . . . אוי־וױ־וױ, אומ־גליק! . . .

מאיר׳ל האָט דערפיהלט, אַז אינוועניג אין איהם קעהרען זיך אי־בער אַלע געדערים, גלייך אַ ברייטע האַנד מיט לאַנגע, בענעגעלטע פינ־גער וואָלט זיך אין זיי אײַנגעגראָבען און זיי איבערגעדרעהט מיט איין ריס. זיין מויל האָט זיך ברייט און קרום געעפענט, און אַ קינדעריש־דערשראָ־קען געשריי האָט זיך אַרויסגעריסען ביי איהם פון האַלז. טאַרטילאָז האָט זיך פּלוצים אַ ווילדען דרעה געטהון פאַר זיינע אויגען. דערשראָקענע יו־דען האָבען זיך געטראָגען איבער דער גאַס, ווי בלעטער אין אַ שטורם. דער בלאַסער רבי איז געזעסען אויף זיין שטוהל, און זיין אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט. די מאַמע איז געלעגען אויפ׳ן בעט אַ צעקראַבענע, ווי אַ צעקנייטשטע איבערבעט. מאיר׳ל האָט דערפיהלט קלאָר אין שאַרף, אָט ווי עס וואָלט געשטאַנען פאַר זיינע אויגען, אַז דאָס אַלעס איז ניט פאַר׳איבער, אַז עס פאַנגט זיך ערשט אָן, און אַז דאָס אומגליק, דאָס גרויסע, דאָס אמת׳ע אומגליק קומט ערשט, און אָט־אָט וועט עס פאַלען אויף זייער הויז, אויף זייערע קעפּ, ווי אַ דונער, — אין צו׳ם צווייטען מאָל האָט זיך אַ געשריי פון ווילדען, הילפלאָזען שרעק אַרויסגעריסען פון זיין האַלז . . .

עטליכע שכנים איטאַליענער זענען געשטאַנען אין קאָרידאָר נע־בען דער טיר, האָבען געקוקט אויף די אונפערשטענדליכע סצענע און דערשראָקען געשעפּטשעט עפּעס צווישען זיך. און אין צימער האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעטראָגען די ווילדע קללה, איין סעקונדע אין שטאַרקע, שטאָהלענע טענער, אַ צווייטע — מיט אַ פערביסענעם חריפען פון אַ געקוילעטען. — — —

— — — שטאַרקער גאָט!
דיין גאַנצען צאָרן אויף די פעלקער,
וואָס האָבען קיין גאָט אין האַרצען! . . .
דיין גאַנצען צאָרן אויף די לענדער,

וואָס פרעמד איז דיין נאָמען פאַר זיי!
ער האָט מיין לייב געפרעסען, געפרעסען —
ער האָט מיין הויז פערוויסט מיר, פערוויסט!

דיין ביז זאָל זיי יאָגען!
זאָל יאָגען — דערגרייכען,
דערגרייכען — פערניכטען
פון אונטער די הימלען!...



# דער קוש.

ביי ר׳ שלנא׳ן האבען זיך געטרייסעלט הענד און פיס און אין מ״ל ביי איהם איז געווען אונערטרעגליך ביטער. ער איז געזעסען אויף א שטוהל, האט געהערט די ווילדע קולות פון גאס, די פייפעריי און דאס קלינגען פון צעבראכענע שויבען, און איהם האט זיך געדאכט, אז אט דאס אלעס קנאקט, שרייט און קלינגט אינוועניג ביי איהם אין קאפ.

דער פאגראם האט זיך אנגעהויבען אזוי פלוצים, אז ער האט קיין צייט נישט געהאט אפילו צוצושליסען זיין קראם און איז באלד אוועקגעלאפען אהיים. אין הויז האט ער קיינעם נישט געטראפען. שרה מיט די קינדער האבען זיך, ווייזט אויס, ערגעץ בעהאלטען, איבערלאזענדיג דאס הויז מיט׳ן ביסעל זילבער, מיט׳ן געלד אויף גאט׳ס בעראט. ער אליין האט נישט געקלערט פון בעהאלטען זיך, ער האט בכלל פון גארנישט געקלערט. ער האט זיך בלויז צוגעהערט צו די געוואלטען פון גאס און צו דער ביטערקייט, וואס ביי איהם אויף דער צונג.

דאס געריוש פונ׳ם פאגראם האט זיך א מאל דערנעהערט, א מאל דערווייטערט, ווי א פייער אין דער נאכבארשאפט, און האט פלוצים ארומגענומען דאס הויז פון אלע פיער זייטען. די פענסטער האבען געגו=

מען קנאַקען, עטליכע שטיינער זענען אַרײַנגעפלויגען אין עס־צימער, און מיט אַ מאָל, דורך טיר און פענסטער, האָבען אָנגעהויבען קריכען גוים, מייסטערס יונגע שקצים, מיט שטעקענס, מיט מעסערס, מיט שבור׳ע, רויטע פנימ׳ער. ר׳ שבנא האָט דערשפירט, אַז ער דאַרף עפּעס טהון. ער האָט זיך מיט גרויסער שוועריגקייט אויפגעהויבען פון שטוהל און פאַר די פּאָגראָמשטשיקעס אין די אויגען האָט ער גענומען קריכען אונטער׳ן דיוואַן, וואָס איז אין צימער געשטאַנען. חברה האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַבט.

וואָט דוראַק![א] — האָט איינער געזאָגט און איהם אָנגעכאַפּט פאַר אַ פוס. — עה, טי, וסטאַוואַי![ב]

ער איז פּלוצים צו זײַנע געדאַנקען געקומען און האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

— קינדער, — האָט ער זיך געבעטען, — איך וועל אײַך אַליין ווײַזען, וואו עס ליגט דאָס געלד, דאָס זילבער און אַלסדינג, אַבי הרג׳עט מיך ניט. צו וואָס זאָלט איהר מיך הרג׳ענען?... איך האָב אַ ווײַב מיט קינדער...

דאָס אַלעס האָט נישט געהאָלפען. זיי האָבען גענומען אַלעס און איהם האָבען זיי געשלאָגען, געשלאָגען אין די ציינער, אין די זײַטען, אין בויך, מיט גרויסער רציחה. ער האָט געוויינט און זיך געבעטען, און זיי האָבען געשלאָגען. איינעם פון די שקצים האָט ער געקענט און האָט זיך געווענדעט נאָך רחמנות צו איהם:

— וואַסילענקאָ, קענסט דאָך מיך... דײַן טאַטע האָט געאַרבייט בײַ מײַן היוז, זאָג: האָב איך איהם נישט בעצאָהלט?... ער האָט בײַ מיר גוט פערדיענט... וואַסילענקאָ... וואַסילענקאָ... געוואַלט! געוואַלט! ראַטע — — — —

---

א) אָט אַ שוטה.

ב) עה, דו, שטעה אויף!

אַ זעץ אונטער'ן האַרצען האָט איבערגעריסען זיין געבעט. צווי עקצים האָבען זיך אויף איהם אַרויפגעזעצט און גענומען דריקען זיין בויך מיט זייערע קניע. וואַסילענקאָ, אַ קליינער, מאָגערער שייגעץ מיט אַ קרום פנים און גרויסע איינגלעך, האָט מיט גדלות געשמייכעלט און גערעדט:

— מאָ שטשאָ?...[א] האָסט געצאָהלט, ווי דען?... דער באַטקאָ[ב] האָט געאַרבייט, האָסטו בעצאָהלט. אָהאָ, איך וואָלט אַ בעלן זיין זעהן, ווי אַזוי דו וואָלסט נישט בעצאָהלט!..

פון דעםטוועגען איז איהם געפעלען געוואָרען, וואָס ר' שבנא האָט זיך געווענדעט צו איהם נאָך הילף, און ער האָט געזאָגט צו די איבריגע:

— נו, רעביאַטאַ[ג], גענוג. לאָזט די פגירה לעבען. איהר זעהט דאָך — שוין סיי ווי קוים וואָס ער זשיפעט...

זיי האָבען זיך ביסלעכווייז אָבגעריסען פון זייער קרבן און גענומען אַרויסגעהן פון הויז, ברעכענדיג אויפ'ן וועג די כלים, וואָס זיי האָבען פריהער געלאָזען גאַנץ.

— נו, שבנא, האָסט מיר צו פערדאַנקען, וואָס דו ביזט לעבען געבליעבען, — האָט וואַסילענקאָ געזאָגט צו ר' שבנא'ן, וועלכער איז געשטאַנען פאַר איהם מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און אַ צעשלאָגענעם פנים און האָט שווער געעטהעמט. — חברה וואָלט מיט דיר קיין סך שהיות נישט געמאַכט, ווען נישט איך...

ער האָט געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר פּלוצים איז איהם עפּעס איינגעפאַלען.

---

[א] איז וואָס?

[ב] טאַטע.

[ג] חברה.

— נאַ, — האָט ער אויסגעשטרעקט זײַן האַנד צו ר׳ שבנא׳ן, — טהו אַ קוש...

ר׳ שבנא האָט אויפגעהויבען זײַנע בליט־פערגאָסענע אויגען און געגעבען אויף איהם אַ צעמישטען קוק. ער האָט נישט פערשטאַנען.

וואַסילענקאָ׳ס פּנים האָט זיך פערוואָלקענט.

— דו הערסט ניט, שטאָ לי?... קוש, זאָגט מען דיר!

צוויי פון די שקצים זענען געבליעבען שטעהן אין טיר, פּערא־נטע־רעסירט אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. ר׳ שבנא האָט געקוקט אויף וואַסילענקאָ׳ן און געשוויגען. וואַסילענקאָ איז אויש גרין געוואָרען.

— אַך, דו זשידאָווסקער פּרצוף, וואָס דו ביזט! — האָט ער אַ קריץ געטהון מיט די צייהן און מיט דער גאַנצער האַנד דערלאַנגט ר׳ שבנא׳ן אַ זעץ אין געזיכט. — דו קווינקעלסט זיך נאָך?!... עה, חברה, קומט נאָר אַהער!...

די צוויי שקצים זענען צוגעגאַנגען נעהענטער.

— אַ נו, נעהמט איהם נאָר צו דער אַרבייט. אַז ער איז יאָ אַזאַ פערדריפּעטער פריץ, מוז ער מיך שוין אַ קיש טאָן אין פיס. אויב נישט...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל. די שקצים האָבען געכאַפּט ר׳ שבנא׳ן און איהם אַוואָרף געטהון צו וואַסילענקאָ׳ס פיס.

— ציה אַראָב! — האָט וואַסילענקאָ בעפוילען, געבענדיג איהם מיט׳ן שטיעוועל אין די צייהן.

ר׳ שבנא האָט לאַנגזאַם אַראָבגעצויגען דעם שטיעוועל פונ׳ם שייגעץ׳ס פוס.

— קוש ! . . .

אײנס געגען צווײטען זענען געשטאַנען: אַ רויטער, שמוציגער פּוס מיט אַ שווערען גערוך פון שווייס — און אַ צעשלאָגענער פּנים מיט אַ לאַנגער, בכבוד'יגער טונקעלער באָרד. דורך אַ מאָרנעם צופאַל האָבען חברה זיך וועניג בעשעפטיגט מיט דער דאָזיגער באָרד, און זי איז געווען בלויז אַ ביסעל אָבגעצופּט אין אַ פּאָר ערטער, אָבער אויף איהר איז נאָך געליגען די גאַנצע הדרת־פּנים פון אַ דערוואַקסענעם יודען און אַן אָנגעזעהענעם בעל־הבית. פון אויבען אַראָב האָט געקוקט וואַסילענקאָ'ס גרין, קרום געזיכט מיט די גרויסע אויגען.

— קוש, זאָג איך דיר ! . . .

און נאָך אַ זעץ אין די ציינער האָט בעגלייט דעם בעפעהל.

איין מאָמענט זענען אַלע אין צימער געווען שטיל און אונבעוועגליך. דערנאָך האָט ר' שכנא צונעבויגען זיין קאָפּ, און וואַסילענקאָ האָט אַרויסגעלאָזען אַ שאַרפען, שרעקליכען קוויטש. אַלע פינגער פון'ם פוס און אַ היבשער טייל פון'ם טראָט זענען פערשוואונדען אין ר' שכנא'ס מויל, און צוויי ציילען ציינער האָבען זיך טיעף איינגעגראָבען אין דאָס שמוציגע, שווייסיגע פלייש.

דאָס, וואָס נאָכדעם איז פאָרגעקומען, איז געווען ווילד און שווער, ווי אַן אומגעלומפּערטער, בייזער חלום.

די שקציםּ האָבען געשלאָגען ר' שכנא'ן מיט די שטיוועל אין די זייטען מיט אַזאַ קראַפט, דאָס פון יעדען קלאַפּ האָט עס אָבגעקלונגען הויך און פוסט, ווי פון אַ פאַס. זיי האָבען געפּליקט זיין באָרד פאַסמעסווייז, זענען איהם אַריין מיט די פינגער אין די אויגען און האָבען זיי אַרויסגעריסען, האָבען אויסגעזוכט די געפּיהלפּולסטע ערטער אויפ'ן קערפּער און געריסען שטיקער פון איהם. דער קערפּער האָט געציטערט, געפיבערט, זיך געוואָרפען און געדרעהט, און די צוויי ציילען ציינער האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט אַלץ קאָנוואולסיווער און זענען געגאַנגען אַלץ טיעפער, און עפּעס אויינס האָט געקנאַקט דאָרטען אינווענינג אין פוס: די

צייהן, די ביינער, אָדער ביידע זאַכען צוזאַמען. די גאַנצע צייט האָט וואַסילענקאָ געשריגען, ווילד, אָהן דעת, ווי אַ געשטאָכענער חזיר.

ווי לאַנג דאָס אַלעס האָט געדויערט, האָבען זיך די שקצים קיין רעכנונג נישט אָבגעגעבען, און זענען געקומען צו זיך ערשט ווען זיי האָבען בעמערקט, אַז ר' שכנא'ס קערפּער צאַפּעלט זיך שוין נישט, און אַ קוק טהוענדיג אין זיין געזיכט, האָבען זיי ביידע אויפגעציטערט פון קאָפּ ביז די פיס.

די אַרויסגעריסענע אויגען האָבען זיך געבאָמבעלט נעבען די פּער-בלוטיגטע לעכער, גרויסע, קיילעכדיגע און קלעביגע. קיין פּנים איז נישט געווען צו זעהן. די באָרד האָט זיך צונויפגעשלאָגען אין נאַסע, בלוטיגע קאָלטענעס, און די טויטע צייהן מיט'ן שטיק פיס צווישען זיי זענען גע-ווען אויסגעשצירעט, ווי ביי אַ גע'הרג'עטען וואָלף. וואַסילענקאָ האָט זיך נאָך אַלץ געוואָרפען, — שוין נישט אויפ'ן שטוהל, נאָר אויף דער ערד. זיין קערפּער האָט זיך אויסגעדרעהט, ווי אַ שלאַנג, און פון האַלז ביי איהם האָבען זיך געריסען הייזעריגע, אויסגעצויגענע קולות. זיינע גרויע אייגלעך זענען געוואָרען גרויס, מאַט און גלעזערן. ער איז, קענטיג, אַראָב פון זינען.

מיט אַ דערשראָקענעם „האָספּאָדי פּאָמילוי נאַס!" זענען די צוויי שקצים אַרויסגעלאָפען פון הויז.

אין גאַס האָט געבושעוועט די בייזע פּאָגראָם-מהומה, און צווישען די פערשיעדענע קולות האָט קיינער נישט געמערקט די אונטערגעריסענע געשרייען פון'ם לעבעדיגען, וואָס האָט לאַנגזאַם גע'גוס'עט בי'ם טויטען אין די צייהן.



# דער צלם.

## א.

זײַן איסזעהן:

אַ ריזיגע פיגור, ברייטביינעריג, אָבער נישט פעט, געלער מאָגער; שװאַרץ, פערברענט פון דער זון, מיט שאַרפע באַקען־ביינער און שװאַרצע אויגען. די האָר פון קאָפּ כמעט אינגאַנצען גרוי, אָבער מאָדנע יונג: געדיכט און רײַך צעוואַקסען, אַ ביסעל געקרײַזעלט. אַ שמײכעל פון אַ קינד אויף די ליפען און קלײנינקע קנײטשעלעך פון אַ זקן אַרום די אויגען.

און דאַן: אויפ'ן ברייטען שטערן אַ שאַרף־געצייכענטער ברוינער צלם. דאָס איז געוועזען אַ שוואַך־פערצײגענע װאונד — צװײ שניט מיט אַ מעסער אײנער איבער'ן צווײטען.

מיר האָבען זיך בעקענט אויפ'ן דאַך פון אַ וואַגאָן פון אַ צוג, וואָס איז געלאָפען איבער אײנע פון די מזרח־שטאַטען אין אַמעריקאַ. און אַזוי ווי מיר האָבען ביידע „געטרעמפּעוועט" איבער'ן לאַנד, האָבען מיר אָבגעמאַכט צו טהון עס צוזאַמען, ביז מיר'ן זיך צועסען אײנער דעם אַנדערן. איך האָב געוואוסט, אַז ער, ווי איך, איז אַ רוסישער יוד, און מעהר האָב איך נישט געפרעגט. אין דעם לעבען, וואָס אונזערע לײַט פיהרען, זענען קײן פעסער נישט נויטיג.

יענעם זומער האבען מיר דורכגעוועהען כמעט די גאנצע פעראייניגטע שטאטען. ביי טאג פלעגט מען געהן צו־פוס, זיך שניידען דורך וועלדער, זיך באדען אין די טייכען, וואס מיר האבען אנגעטראפען אין וועג. מיט עסען האבען אונז בעזארגט די פארמערס, דאס הייסט, מאנכע האבען געגעבען, און ביי אנדערע פלעגען מיר גנב'ענען — היהנער, גענז, קאטשקעס, און נאכדעם זיי בראטען אויף א פייער ערגעץ אין וואלד אדער אין דער „פרעהריע“. געוועזען זיינען איך טעג, ווען מען פלעגט זיך, באין ברירה, בעגניגען מיט וואלד־יאגדעס.

געשלאפען איז מען וואו די נאכט איז בעפאלען, — אויפ'ן פרייען פעלד אדער ערגעץ אונטער א בוים אין וואלד. אין די פינסטערע נעכט האבען מיר מאנכע מאל „געכאפט א צוג“, דאס הייסט, ארויף אויפ'ס דאך פון א וואגאן און א ביסעל אינטערגעפאהרען. דער צוג פליהט פייל אויס'ן בויגען. א שארפער ווינד בלאזט אונז אין געזיכט און טראגט פארביי דעם רויך פון לאקאמאטיוו אין צעריסענע וואלקענס, בעשפרענקעלט מיט הייבשע פונקען. די פרעהריע לויפט און דרעהט זיך ארום אונז, און עטהעמט טיעף, און רעדט שטיל און האסטיג מיט פערשיעדענע קלאנגען, אויף פערשיעדענסטע לשונות. איבער אונזערע קעפ פינקלען ווייטע וועלטען — און ביי אונז אין די קעפ קומען און שווימען געדאנקען, עפעס אזעלכע מאדנע געדאנקען, ווילד און פריי, ווי די קולות פון דער פרעהריע: דאכט זיך — אהן שייכות איינער צו'ם צווייטען, דאכט זיך — געשלייפט, און גערינגט, און געקייטעלט. — און אין דערזעלבער צייט, אונטער אונז, אין די וואגאנען, זיצען און ליגען מענשען, א סך מענשען, וואס זייער וועג איז בעשטימט אין די געדאנקען — געבונדען; זיי ווייסען, פון וואנען זיי קומען און וואוהין זיי געהען, און דערציילען זיך איינער דעם צווייטען, און געניצען דערביי, און געהען שלאפען, נישט וויסענדיג, אז אין דער הויך, איבער זייערע קעפ, האבען זיך צוויי פרייע פייגלען געזעצט רוהען א ווייליע אויף זייער וועג — פון וואנען? וואוהין?... — בעגינען שפרינגען מיר אראב אויף די ערד און געהען גנב'ענען א הוהן אדער חאפען פיש מיט פערשיעדענע קונצען.

אין איינעם פון די לעצטע טעג אין אויגוסט בין איך געליגען א נאקעטער אויפ'ן זאמד ביי'ם ברעג פון א טיעפען און שמאלען טייך אין

האָב זיך געטריקענט געגען דער זון. מײַן חבר איז נאָך געווען אין טײַך און האָט דאָרט אָנגעמאַכט אַזאַ האַרמידער, ווי אַ גאַנצער „חדר" יונגלעך וואָלט זיך געבאָדען. דערנאָך איז ער אַרויס אויפ'ן ברעג, פריש און שײַנענדיג פון קאָפּ ביז די פיס; בעזונדערס דײַטליך איז אַרויסגעטראָטען דער ברוינער צלם אויף זײַן שטערן. אַ שטיק צײַט זענען מיר געליעגען אויפ'ן זאַמד אײנער נעבען אַנדערן, געליעגען און געשוויגען. איך האָב געוואָלט אין נישט געוואָלט איהם פרעגען, וואָס איז דאָס פאַר אַ צײכען אויף זײַן שטערן. ענדליך האָב איך מײַן פראַגע דאָך געשטעלט.

ער האָט אויפגעהויבען זײַן קאָפּ פונ'ם זאַמד און אַ קוק געטהון אויף מיר נײַגעריג און מיט לײַכטען הוזק.

— איהר'ט זיך נישט דערשרעקען?...

איך בין שוין יאָהרען לאַנג געווען דער'אויסען פון אַלעם.

— דערצעהלט, — האָב איך געזאָגט.

ב.

מײַן פֿאָטער איז געשטאָרבען, װען איך בין אַלט געװעזען עטליכע מאָנאַטען. פֿון דעם, װאָס איך האָב װעגען איהם געהערט, פֿער־שטעה איך, אַז ער איז געװעזען „עפּעס“. אַ מענש פֿון אַן אַנדער װעלט, טראָג איך דאָך זײַן בילד — אײַנגעטראַכט פֿון מיר אַלײן — אין מײַן פֿאַנטאַזיע, װײַל, װי געזאָגט, ער איז געװעזען עפּעס. איבריגענס, נישט װעגען איהם װיל איך דערצעהלען.

מײַן מוטער איז געװעזען אַ מאָגערע יודינע, הױך, ברײטבײנעריג, טרוקען און חמורנע. זי האָט געהאַט אַ קרעמעל. מיר האָט זי געגעבען עסען, געצאָהלט פֿאַר מיר שכר־למוד און מיך אָפּט געשלאָגען, װײַל איך בין נישט געװאַקסען דאָס, װאָס זי האָט געװאָלט.

װאָס האָט זי געװאָלט? גאַנץ קלאָר איז עס פֿאַר מיר נישט. איך גלויב, זי האָט אַלײן נישט קלאָר געװאוסט. מיט מײַן פֿאָטער פֿלעגט זי זיך שטענדיג קריגען, און אַז ער איז געשטאָרבען, האָט זי, אַ צװײ־און־דרײַסיג־יעהריג װײַבעל, אויף אַלע פֿאָרגעשלאָגענע שדוכים געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

— נײן, נאָך „איהם“ געהט עס נישט, כ׳דאַרף נישט קײנעם. און —

נעהמען אַ שטיעפּפאָטער פאַר מײַן קינד ?

און זי האָט מעהר נישט חתונה געהאַט. האָב איך עס, קענטיג, נערארפט זײַן ווי מײַן פאָטער, אָהן זײַנע חסרונות, — ער האָט נישט געטויגט צו עולם־הזה, געהען, פלעגט זי זאָגען, „צו היציג“. ווי די מעשה איז — זי פלעגט מיך שלאָגען, שטאַרק, אָהן רחמנות. אײַנמאָל — איך בין דעמאָלט אַלט געוועזען אַ יאָהר צוועלף — האָט זי מיך גענומען שלאָגען מיט אַן אײַזערנער פרענטע, וואָס האָט געדיענט צו פערשליסען פון אינוועניג דעם לאָדען פון איהר קלײטעל. איך בין געוואָרען אויפגעבראַכט און האָב זי געשלאָגען צוריק. זי איז געבליעבען שטעהן בלאַס, מיט גרויסע אויגען, קוקענדיג אויף מיר. פון דאַן אָן האָט זי מיך מעהר נישט געשלאָגען.

די לופט ביי אונז אין הויז איז געוואָרען נאָך קעלטער און טרוקענער ווי פריהער. אין אַ האַלב יאָהר אַרום בין איך אַוועק „אין די וועלט“.

דערציהלען אַלעס — וואָלט געווען צו לאַנג און נישט אַלעמאָל אינטערעסאַנט. דער עיקר — אין פופצעהן יאָהר אַרום האָב איך געוואוינט אין אַ גרויסער שטאָדט אין דרום־רוסלאַנד. איך בין געווען אַ סטידענט־סעדיקער און האָב געלעבט פון „שטונדען“. מײַן מוטער האָב איך אַרויסגענומען צו זיך, אָבער זי האָט בלויז געוואוינט מיט מיר צוזאַמען און ספרנס געווען האָט זי זיך אַליין: זי האָט געהאַנדעלט מיט גענייצטע קליידער איפ'ן מאַרק. מיט איהר פרנסה האָט זי זיך נישט געשעמט, אָבער אויף די אַנדערע אַלטוואַרג־הענדלער האָט זי געקוקט מיט פעראַכטונג: ווער איז זי, און ווער זענען זיי?...

צו מיר איז זי געווען קאַלט, ווי פריהער, וועניגסטענס — אויסערליך. איך צו איהר — דאָסועלבע. מיר דאַכט, כ'האָב זאָגאַר געשפירט צו איהר אַ שטיקעל שנאה.

נאָר מיעפער אַ ביסעל האָט זי מיך וועניג געקימערט: איך האָב געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט.

## ג.

עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א קלייניגקייט: ס'האט בעדארפט איבערמאכען די וועלט. פריהער רוסלאנד, דערנאך די וועלט. דערווייל האט עס געהאלטען ביי רוסלאנד.

די יענער צייט האט דאס לאנד שוין געפיבערט פון איבערעגונג. אלע גרעסערע און גרעסערע מאסען זענען אריינגעצויגען געווארען אין שטראם, און איבער זייערע קעפ האט וואס א מאל עפטער איבערגעפלאמט, ווי א ראקעטע, דאס הייסע, רויטע פייער פון אייניצעלנע העלדישע טהאטען. אייניגער נאכ'ן צווייטען זענען געפאלען העכער און נידעריגער געשטעלטע קעפ, און די אלטע ארדנונג האט דערווייל געענטפערט, גוט געענטפערט, צווישען אנדערע זאכען אויך מיט פאגראמען אויף יודען. אויף מיר האבען די פאגראמען קיין בעזונדערן איינדרוק ניט געמאכט: מיר האבען דאן געהאט אזא ווארט, „קאנטער-רעוואלוציע" האט עס געהייסען, און דאס האט שוין ערקלערט אלעס גאנץ גענוי. אמת, איך האב נאך דערמאלט קיין פאגראם ניט געהאט איבערגעלעבט: אונזער שטאדט איז געשטאנען אויף דער רוהע.

איך בין געווען א מיטגליעדער אין ארטיגען קאמיטעט פון איינער פון

די פּאַרטײַען. דאָס איז געװען פאַר מיר װעניג: אַ געדאַנק, שאַרף װי אַ מעסער, האָט זיך לאַנגזאַם און זיכער געשניטען אַרײַן אין די טיפע ניש פון מײַן מח. װאָס איז דאָס געװען? איך האָב נישט געװאוסט אויף קלאָר און דערװײַלע נישט געװאָלט װיסען. איך האָב בלויז געהאַט אַזאַ געפיהל, װי מײַנע מוסקעלען װאָלטען װערען װאָס אַמאָל שטײַפער, אָנגעצויגענער, און אײַנמאָל האָט געטראָפען, אַז איך האָב, אַליין נישט װיסענדיג צו װאָס, צעבראָכען מיט מײַנע פינגער אַן אָגלעהן פון אַ שטוהל אין אײַנעם פון די הײַזער, װאו איך האָב געגעבען שטונדען, — און בין געבליבען שטעהן גאַנץ צעמישט. אַ צװײַט מאָל האָט מיך מײַנער אַ שילער פערװאונדערט געפרעגט: „װאָס מינאַ?...“ — אין איך האָב פערשטאַנען, אַז איך האָב פערטראַכטעטהײַט אַרויסגערעדט דעם נאָמען „מינאַ“. און אויך האָב איך פערשטאַנען, אַז הגם מײַן געדאַנק איז אײן זאַך, און „מינאַ“ איז גאָר אַ נאָמען כון אַ מײדעל, װערט אָבער יענער געדאַנק מײַנער שטענדיג בעגלײט פון מינאַ׳ס בילד, פון די קלאַנגען, װאָס שטעלען צוזאַמען דעם נאָמען „מינאַ“, און פון יענעם בעזונדערען געפיהל פון בעדײַטונג און װיכטיגקײט, װאָס שפירט זיך שטענדיג אין דער לופט אין מינאַ׳ס אָנװעזענהײט.

אויסער מיר, איז אונזער קאָמיטעט בעשטאַנען פון פיער מענער און אײן מײדעל. כ׳װײס נישט, װאָסערע אויגען די מענער האָבען געהאַט, נאָר מינאַ׳ס זענען געװען בלויע, העל בלויע, און אין געװיסע מאָמענטען פלעגען זײ װערען טונקעל, שװאַרץ און ענדליך פינסטער און טיעף, װי אַ תהום. שװאַרצע האָר, אַ מעסיגע, הנ׳עװדיגע פיגור און עטװאָס לאַנגזאַמעס און ערנסטעס אין די בעװעגונגען.

אויף אונזערע מיטינגען האָט זי זעלטען־װען פיעל רעבאַטירט. אין צװײ־דרײַ ענג־געבונדענע פראַזען פלעגט זי מאַכען אַ פאָרשלאָג אָדער אַרויסזאָגען אַ מײנונג װעגען אַ סיטואַציע, און דערנאָך בלײַבען זיצען שטום און אויפמערקזאַם, עטװאָס פערשמײַלערט די קורצזיכטיגע אויגען. און זעהר אָפט האָט געטראָפען, אַז נאָכדעם װי מיר האָבען אַ לאַנגע צײַט מיט היציגע רעבאַטען געװאַשען די פראַגע און זי גערײניגט פון מיספערשטענדנישען, זענען מיר, אַ ביסעל פערװאונדערטע, געקומען צו רעמזעלבען געדאַנק, פאָרמולירט אין מינאַ׳ס צװײ־דרײַ ענג־געבונדענע זאַצען.

זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ הײליגן רוסישן בעאַמטן. דאָס איז אַלעס, וואָס מיר האָבן געוואוסט וועגן איר. בײַ דער טיר פון דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר פלעגט יעדער פון אונז אַראָבוואַרפן פון זיך זײַן פּערזענלעך לעבן, ווי אַן איבערמאַנטל אין פאָרהויז.

ד.

איִיף אונזער שטאָדט האָט זיך אָנגערוקט דער וואָלקען פון אַ פּאָגראָם אויף יודען. מאָדנע קלאַנגען האָבען זיך אַרומגעטראָגען איִן שטאָדט, שטילע און שאַרפע קלאַנגען, ווי דאָס צישען פון אַ שלאַנג, מענשען זענען אַרומגעגאַנגען מיט געשפּיצטע איִערען, מיט פלינקע און קרומע בליקען, און האָבען „געשריִעבען" מיט די נעזער, ווי זיי וואָלטען געשפּירט עפּעס אַ פערדעכטיגען גערוך. אָבער שטיל און פערביסען.

מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען איִן אַ הייסען נאָכמיטאָג צו אַן עקסטראַ מיטינג איִן מינאַ׳ס וואוינונג, וועלכע איז געווען צו גלייבער צייט אונזער קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיער. די זיצונג האָט לאַנג ניִשט געדויערט: קורצע בעראַטונגען, קיינע דעבאַטען און אַ בעשלוס — צו אָרגאַניזירען אַ זעלבסטשוץ ווי מעגליך שנעלער. איִן פערלויף פון מיטינג האָב איִך אַ פּאָר מאָל בעמערקט אויף זיך מינאַ׳ס אויפמערקזאַמען בליק. און ווען די מיטגליעדער פון קאָמיטעט האָבען גענומען איינציגווייז זיך פונאַנדערגעהן, האָט זי מיר געגעבען אַ וואונק, איִך זאָל בלייבען.

איִך בין געבליִעבען שטעהן, שוין מיט׳ן היט אויפ׳ן קאָפּ, אָנגעשפּאַרט מיט׳ן רוקען און מיט ביידע הענד אָן טיש, וועהרענד מינאַ,

מִיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ אין דִי הֶענד צוגוֹיפגעלעגט אוֹיף אִיהר ברוּסט, אִיז אַרוּמגעגאַנגען הִין און צוּרִיק אִיבער׳ן צִימער. מִיר האָבען געשוויגען. דערנאָך האָט זִי אוֹיפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט זִיךְ אָבגעשטעלט אין אַ קוּק געטהון גלײַך אוֹיף מִיר. זִי אִיז געוועזען בלאַס, זעהר בלאַס, און אִיהרע אויגען — שוואַרץ און פִינסטער, ווִי בלויז מִינאַ׳ס אויגען האָבען געקאָנט זײַן.

מִיר אִיז קאַלט געוואָרען. מאָמענטאַל, ווִי בעלויכטען פון אַ שטאַרקען און פּלוּצלִינגען אויסבּרוּך פון פײַער, אִיז פאַר מִיר קלאָר געוואָרען מײַן געדאַנק: צו ווערען אײנע פון דִי „ראַקעטען", וואָס בעלײַכטען דעם וועג פון דער רעוואָלוציע — און בעצאָהלען דעם פּרײַז דערפאַר.

אין מִינאַ האָט עס פערשטאַנען דִי ערשטע! זִי האָט עס געזעהען אוֹיף מײַן געזִיכט, ווען עס אִיז פאַר מִיר אַלײן נאָך קלאָר נִישט געוועזען. פאַרוואָס? . . .

— בעשלאָסען? — האָט זִי געפרעגט אין אַ ווײַלע אַרוּם, מִיט אַ האַלב פערשטִיקטער שטִימע.

— בעשלאָסען. — האָב אִיךְ געלאַסען אין פּעסט געענטפערט, פִיהלענדִיג, אַז דער בעשלוס ווערט אײנגענוּמען אין דערזעלבער סעקונדע.

זִי האָט אוֹיף מִיר געקוּקט אַ ווײַלע און ווִידער גענוּמען אַרוּמגעהן אִיבער׳ן צִימער. אין אַ פּאָר מִינוּט אַרוּם אִיז זִי געוועזען רוּהִיג און ערנסט, ווִי שטענדִיג.

— אִיבערִיגענס, מִיר וועלען זִיךְ דאָךְ נאָךְ זעהן, — האָט זִי געזאָגט און מִיר געגעבען אִיהר האַנד.

געהענדִיג אַהײם צו זִיךְ און צו מײַן מוּטער, האָב אִיךְ געפִיהלט, אַז אַלע אבֵרים אין מִיר זִינגען. דערצו האָב אִיךְ געטראַכט, ווִי מאָדנע עס אִיז דאָס מזל פון אַ מענשען, וועמעס לעבענסוועג, וואַהרשײַנלִיךְ זעהר אַ קוּרצער, צִיהט זִיךְ פון אײן פּרוֹי, וועלכע ער האַסט כמעט,

צו אַ צווייטער, וואָס ער פאַנגט אָן זי צו ליעבען. —

איידער איך בין אַריין אין טיר פון מיין וואוינונג, האָב איך געוואָרפען אַ בליק אויף די שטאָדט. די זון האָט געהאַלטען ביי'ם אונטערגאַנג, און אַ לייכטער, צאַרטער שלייער, געשפּינט פון גאָלד און פריעדליכקייט, איז געליעגען אין ווייכע פאַלדען אויף גאַסען און הייזער. אונזער שטאָדט איז געווען אַ שענע שטאָדט.

## ה.

מיר האָבען פערשפּעטיגט. שוין אין דערוועלבער נאַכט האָט אויסגעבראָכען דער פּאָגראָם. פּלוצים, ווי אַן עקספּלאָזיאָן פון אַ פּאַר׳איזם אונטערגעלעגטער מינע. און גראָד אין דער געגענד, וואו איך האָב געוואוינט.

די ערשטע געשרייען האָבען זיך נאָך געפּלאָנטערט צו מיינעם עפּעס אַ אונקלאָרען חלום. דערנאָך האָב איך פּלוצים פערשטאַנען, בין אַראָב פון בעט, האָב אָנגעצונדען פייער און זיך גענומען אויף שנעל אָנטהון. אין דעם מאָמענט האָט זיך מיין מוטער איפּגעזעצט אויף איהר בעט און האָט אויף מיר אַ מאָדנעם קוק געטהון.

מיר איז געוואָרען אונהיימליך. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי קוקט אויף מיר קאַלט און איראָניש, ווי עס וואָלט געווען אַ פּאָגראָם אויף מיר און נישט אויף איהר. אַ ווייַלע בין איך געבליבען שטעהן, האַלב אָנגעטהון, און האָב אַ צעמישטער געקוקט אויף איהר. און אָט אין דער ווייַלע האָט דאָס הויז אַ ציטער געטהון, ווי אין די מעכטיגע אָרעמס פון אַ שטורם.

די פענסטער האָבען געפּלאַצט מיט אַ קלינגעריי, עס האָט זיך

אויפגעבראָכען איין טיר נאָך דער צווייטער, און צוזאַמען מיט אַ שווימענדער וועל פון צעריסענע געשרייען און געוויינען פין גאַס האָט זיך אַריינגעריסען צו אונז אַ באַנדע פּאָגראָמשטשיקעס.

איך בין אַ שטאַרקער מאַן. אָבער — ביז יענער נאַכט איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען זיך צו שלאָגען, ערנסט, מיט כעס. ביז יענער נאַכט האָב איך נישט געוואוסט פון אמת'ן כעס, וועלכער פער'שכור'ט, ווי שטאַרקער וויין; פון כעס, וואָס קאָכט אויף מאָמענטאַל ערגעץ אין בלוט, טהוט אַ שטראָם איבער'ן גאַנצען קערפּער, אַ זעץ אין קאָפּ אַריין און פערפלייצט אַלע רעיונות. און ווען די פּאָגראָמשטשיקעס — פערשידענע: יונגע, עלטערע, מיט „היימיש“ געוועהר און גאָר אָהן געוועהר — זענען אויף מיר אָנגעפאַלען, האָב איך זיך תהלת געוועהרט קאַלט און אין דערזעלבער צייט אַ ביסעל צעטומעלט: איך האָב, דאַכט זיך, נישט רעכט פערשטאַנען, וואָס מ'וויל פון מיר. נאָר פלוצים, פון עפּעס אַ קליינינקייט — מיר דאַכט, עמיצער האָט צעבראָכען מיין שרייבגעציַיג מיט אַ וואָרף אָן די ערד — האָט אַ שטאַרקע היץ אַ בריה געטהון מיין גאַנצען קערפּער, אין קאָפּ האָט אָנגעהויבען צו שווינדלען און מיין האַנד האָט זיך אויפגעהויבען פון זיך אַליין. געגענ'איבער מיר איז געשטאַנען אַ קליין־געוואַקסענער גוי, פון אונבעשטימטער עלטער, מיט אַ מאָגערן, בלוטלאָזען געזיכט, מיט האַרטע געלע וואָנסען און קליינע, שפּיציגע אייגלעך, פול מיט קאַלטער רציחה. איך געדענק, אַז אויף דעם דאָזיגען פּרצוף האָב איך עס אַראָבגעלאָזען מיין פויסט און דערביי נישט געקאָנט צוריקהאַלטען אַ מאָדנעם ברום, ווי אַ צעווילדעטער אָקס. דערנאָך האָט זיך אַלעס גיידרעהט אַרום מיר און אין מיר, געדרעהט זיך שנעל און היים, און איך האָב געהאַט אַ משונה הנאה.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג עס האָט געדויערט. מיין כעס און הנאה זענען געוואַקסען אין דערזעלבער מאָס, אין וועלכער מיינע קרעפּטען האָבען בעגעגענט ווידערשטאַנד און איהם גובר געווען. אין דערזעלבער צייט האָט צו מיר געגרייכט פון ערגעץ זעהר וויַיט אַ גרילצענדע, איינגעגעסענע שטימע, ווי דאָס זשומען פון אַ מאָסקיטע, און אָבגעריסענע ווערטער אין רוסיש: „מ'דאַרף נישט... מ'דאַרף נישט...

בינדען... בינדען... בינדען..." דער ווידערשטאנד האט גענומען וואקסען שנעל, — שנעלער פון מיינע קרעפטען, פון אלע זייטען, פון אויבען, פון אונטען, דערנאך איז ער פלוצים פערגליווערט געווארען ארום מיין גאנצען קערפער, ווי א שטיינערנע הויט. די הנאה איז פערשוואונדען, און כעס, הוילער העלישער כעס, האט גע'שרפ'עט מיין ברוסט און געטריקענט מיין האלז. בישלעכוויז איז ער געווארען פערקיהלט, פערפרוירען און איז געבליעבען ליעגען אויף מיין הארצען, ווי א שווער, שפיציג שטיק אייז. איך בין געקומען צו זיך.

איך בין געליעגען אויף דער ערד א געבונדענער, כמעט א פערפאקטער אין שטריק, צעוואונדעט, צעבלוטיגט, און נאהענט ארום מיר האט ארומגעטאנצט דער קליינער גוי מיט די שטעכיגע אייגלעך, אבער מיט א שרעקליך פערבלוטיגט און פערענדערט געזיכט. בלוט האב איך בעמערקט אויך אויף די פנים'ער פון די אנדערע ברואים, וואס האבען זיך געשטויסען ארום מיר.

מ'האט מיך אויפגעהויבען פון דער ערד, ווי אן אנגעפילטען זאק, און צוגעבונדען צום צופוסען-ווענטעל פון מיין מוטער'ס בעט.

מיין מוטער! ערשט איצט האב איך זיך דערמאנט אן איהר. זי איז אראבגעשפרונגען פון בעט, קענטיג — מיר צו הילף. איצט האט מען זי געשלעפט צוריק צו'ם בעט, וואו איך בין געשטאנען געבונדען.

איך האב זי כמעט נישט דערקענט. אין איין העמד. ברייטע, מאגערע ביינער. ווילד-צעשויבערטע גרויע האר און פינקלענדע אויגען. די ציין צוזאמענגעדריקט. און — שטום. מ'האט זי אריינגעשליידערט אין בעט, אנטקעגען מיר.

ז.

שטעלט אייך פאָר:

וואָס איז אַ האָר — איין איינציגע גרויע האָר — אויסגעריסען פון אַ קאָפּ? גאָרנישט. להלוטין גאָרנישט. — און צוויי האָר? און אַ פּאַסמע, אויסגעריסען מיט איין מאָל? און אַ סך פּאַסמעס לאַנגע, גרויע האָר? — פּכֿע! גאָרנישט מיט גאָרנישט. —

געווים: אַז מ׳ברעכֿט ביינער, קנאַקען זיי. אָבער אַז מ׳ברעכֿט שטעקלעך, טרוקען האָלץ און — חיים איך וואָס נאָך? — קנאַקט עס אויך. דאָס איז אַ „נאַטירליכֿע ערשײַנונג". —

שטעלט אייך פאָר:

וואָס זענען צוויי אַלטע, איינגעשרומפּענע בריסטען? — פליייש. שטאָף איז עס. עס בעשטעהט פון געוויסע „עלעמענטען" — אָט פרעגט אַ חעמיקער. און ווען אפילו דאָס זענען די בריסטען פון אייער מוטער, — צוויי צניעות׳דיגע בריסטען, וואָס האָבען אייך אויסגעזויגען, און וועלכֿע איהר האָט קיין איינציג מאָל נישט געזעהען אויפגעדעקט פון אייער

קינדהייט אָן ? און ווען אפילו מ׳רייסט זיי אויף שטיקלעך מיט שמוציגע פינגער פאַר אייך אין די אויגען ? —

זאָגט מיר, איך בעט אייך :

וואָס ווייסט די נאַטור, דער וועלטאַל, וועגען שמוץ און שאַנד ? — נישטאָ אין וועלטאַל אַזעלכע זאַכען, ווי שמוץ און שאַנד.

אָ, געוויס : קיינמאָל, קיינמאָל נאָך איז אַ מענשליכער קערפּער, דער פיינער קערפּער פון מענש און פרוי, אַזוי נישט בעשפּיגען און ער־ניעדריגט געוואָרען ! אָבער — וואָס אַרט עס מיך ? וואָרום — וויסען זאָלט איהר זיין : נישטאָ אין דער נאַטור אַזאַ זאַך, ווי שמוץ און שאַנד. —

עס געהט אַוועק אַ יאָהר און צוויי, און צעהן, און הונדערט און צוויי הונדערט. ווי איז עס מעגליך ? ווי איז עס מעגליך, איך זאָל אַזוי לאַנג לעבען ? קאָן דען אַ מענש אַזוי פיעל לעבען ? —

מאַמע : טהו אַ געשריי. נו — טהו זשע געשריי ! אַ קלאָג אויף דיר ! וואָס מיינסטו — עס זענען דיר יענע יאָהרען, ווען דו פלעגסט מיך שלאָגען מיט אַזאַ רשעות און דערביי שווייגען !... האָטש איין געשריי, האָטש אַ קרעכץ ! אָ, גאָט ! — — —

יאָהרען נאָך יאָהרען. — — —

איהר זעהט אָן־דאָרטען דאָס פערבלוטיגטע פּנים ? דאָס איז דאָס ערשטע מענשליכע פּנים, וואָס איך האָב דערזעהען ביי׳ם איפּטאָג פון מיין לעבען. אַ שטרענג, אַ פערוואָלקענט פּנים, אָבער — דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געזעהען אין מיין לעבען. די פרוי מיט אָט דעם פּנים פלעגט מיך שלאָגען, און איך האָב זי פיינד געהאַט. און נאָך איצט האָב איך זי פיינד, און נאָך מעהר ווי פריהער, און מיין שנאה שטיקט מיך צו׳ם דערוואָרגען ווערען. וואָרום פאַר וואָס דען, אויב נישט אויס האַס, קוק איך צו מיט אַזאַ דאָרשט, ווי דאָס פּנים ווערט פערענדערט פון מינוט צו מינוט ? פאַר וואָס פערמאַך איך נישט די אויגען, פאַר וואָס

קריכֿען זײַ פֿון מײַן קאָפּ, מיט אַזאַ װעהטאָג, מיט אַזאַ ברענענדער נײַ־
גיעריגקייט?— גוטע, ליעבע מענשען: שטעלט מיר אויס מײַנע אויגען.
וואָס קאָן עס אײַך אַרען? איין שניט מיט אַ מעסער, רינען זײַ אויס, —
אָט די צוויי בלעזעלעך מיט וואַסער, אָט די — אָט די — פֿערשאָלטענע
צוויי בלעזעלעך מיט וואַסער, וועלכֿע איך דאַרף, כֿ'לעבען, נישט האָ־
בען. איהר לאַכֿט? איהר זענט פֿרעהליכֿע מענשען, זעהר פֿרעהליכֿע
מענשען, אָבער — שטעלט זײַ אויס, וואָס קאָן עס אײַך אַרען? —

יאָהרען און יאָהרען.

### 7.

דער קלײנער גוי האט געזאגט:

— די אַלטע כלב'טע װיל אַלץ ניט שרײַען. לאָזט מיך נאָר צו נעהנטער צו'ן איהר.

עס האָט געדױערט אַ ביסעל, דערנאָך האָב איך דערהערט אַ קול. דאָס איז געװען אַ קרעכץ, אַ געװײן, אַ געשרײ — אַלעס צוזאַמען. און װערטער אין דעם געשרײ. אין הגם די שטימע איז געװען הײזעריג און װילד־פערענדערט, האָבען דאָך די װערטער אָבגעקלונגען אין מײַנע אױערען קלאָר און אױסדריקליך, װי לאַנגזאַמע, אָבגעטײלטע קלעפּ אין אַ גלאָק:

— אױ, מײַן זוהן!

צו'ם ערשטען מאָל אין איהר לעבען.

אַ שװײס װי אַ רעגען האָט אַ גאָס געטהון אַראָב פון מײַן שטערן און האָט אָנגעפילט מײַנע אױגען. איך האָב זיך אַ ריס געטהון מיט אַלע קרעפטען, און די שטריק האָבען זיך אײַנגעשניטען טיעפער אין מײַן לײַב.

גאָט האָט זיך איבּער מיר דערבּאַרמט אויף אַ ווײַלע: דער קאָפּ האָט זיך מיר פערדרעהט, און כ׳האָבּ פערלוירען מײַנע געדאַנקען. אָבּער איך האָבּ נאָך צײַט געהאַט צו הערען אַ געלעכטער אַרום מיר.

דערנאָך בּין איך געקומען אויף אַ מינוט צו זיך. און ווידער האָט דער קלײנער גוי געזאָגט:

— געַנוג. זאָל זי בּיסלעכווײַז אַוועקפּגר׳ן פאַר איהם אין די אויגען. און איהם וועל איך איבּער׳צלם׳ן, כדי צו ראַטעווען זײַן ושׂי ראָווסקעס נשמה פון גיהנם.

איך האָבּ דערפיהלט צוויי טיעפע שניט אויף מײַן שטערן, איינעם איבּער׳ן אַנדערן, און האָבּ ווידער דערהערט אַ געלעכטער. אַ קלײנער וואַרעמער שטראָם איז אַראָבּגעלאָפען פון מײַן שטערן איבּער דער נאָז און איז אַרײַנגערונען צו מיר אין מויל.

איך האָבּ נאָכאַמאָל פערלוירען די געדאַנקען.

ח.

אַבסאָלוטער חושך. אַבסאָלוטע שטילקייט. קיין איינציגער אײַנדרוק פון דרויסן, קיין פעסטער פונקט פון אינוועניג. בלויז עפּעס אַ אונרוהיגקייט, אַ שווערע אונרוהיגקייט און אַ גרויסע אָנשטרענגונג צו געפינען עפּעס אַ וועלכען עס איז פונקט.

אַ וואָרט האָט פערבלאָנדזשעט אין די דאָזיגע וועלט פון תהו ובהו, אַ קליין וואָרט: „וואָס?...“ און דרײַ מאָל: „וואָס? וואָס? וואָס?...“ און צוואַנציג מאָל „וואָס“, און דאָס וואָרט וואַקסט און פערשפּרייט זיך, און פערמעהרט זיך, און עס ווערט פון דעם: „וואָס איז דאָ?... וואָס איז אַרום?... וואָס איז איך און וואָס איז אויסער איך?“... און פּלוצים — אַ שאַרפע ליכטיגקייט מיט אַ שטאַרקען וועהטאָג צוזאַמען בײַ מיר אין קאָפּ. דרײַ ווערטער שטעקען אין מײַן מח, ווי אַ דינע, לאַנגע נאָדעל, אַרײַנגעשטאָכען פון איין אויער צו'ם צווייטען: „אוי, מײַן זוהן!“

מאָמענטאַל בין איך געקומען צו מײַנע געדאַנקען.

נאַכט. די לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען, אָדער זי זי האָבען זי אויסגעלאָשן פאַר'ן אײַנגאַנג. איך שטעה צוגעבונדען צו'ם בעט, און אויף

מײַן שטערן, פֿיהל איך, ברענט אַ וואונד, ברענט שאַרף און מאַכט פֿערגעסען אָן די אַנדערע וואונדען. פֿון שטאָדט גרײַכען אַהער פֿערשידענע קולות; די שטאָדט שרײַט אין מיטען דער נאַכט, שרײַט פֿערדומפּפען, מיט פּלוצלינגע שאַרפֿערע אויסבריכען פֿון צײַט צו צײַט, ווי אַ ווײַטע שרפה. נישט ווײַט פֿון מיר, אויפ׳ן בעט, צאַפּעלט זיך עפּעס אין דער פֿינסטער.

— מאַמע!

שטיל.

— מאַמע?

קײן ענטפֿער. מײַן קול דערגרײכט נישט אַהין, אין יענע וועלט פֿון יסורים, וואו עס שוועבט אַרום איהר שטערנגער, רויהער גײַסט. „אוי, מײַן זוהן" האָט זי מיך גערופֿען. יאָ, איהר זוהן, דען — יעדער טראָפּפּען בלוט, וואָס זי פֿערליערט אַצונד, פֿליסט אַרײַן דורך אונבעקאַנטע וועגען אין מײַנע אָדערען און צינדט דאָרט אָן אַ העליש פֿײַער. „אוי, מײַן זוהן!" — אַ שווערער האַמער הויבט זיך לאַנגזאַם און אָהן אויפֿהער אַרויף און אַראָב, און פֿאַלט יעדעס מאָל אויף מײַן קאָפּ, און — גאַנצע וועלטען פֿאַלען אין חורבות.

## ט.

— וואָס איז עס אויף דיין שטערן?

— דאָס איז אום צו ראַטעווען מיין נשמה פון די יסורים פון גיהנם, — ענטפער איך.

זיי שאָקלען מיט די קעפּ און הייבען אָן זיך פאַנאַנדערצוגעהן. איך ווער אונרוהיג.

— וואַרט, — זאָג איך, — איך וועל אייך ערקלערען.

זיי שאָקלען מיט די קעפּ און ווערען פערשוואונדען.

— — — — — — — — — — — — —

„איך בין דער גאָט, וואָס האָט דיך פון מצרים אַרויסגעצויגען!“

„קיינע אַנדערע געטער צוזאַמען מיט מיר!“

„אַ אל קנוא ונוקם בין איך — און פערלאַנג פון דיר:

זיי קעפּס!“

דער אָטהעם פון שטורם ציהט זיך איבער דער אויפגעטרייסעלטער מחנה. די שקלאַפּישע קערפּערס ציטערען, ווי אונטער דער בייטש, אָבער די טונקעלע, מאָגערע געזיכטער און די שוואַרצע פּיבערישע אויגען צינדען זיך אָן מיט'ן רויטען פייער, וואָס בעקרוינט דעם קאָפּ פון באַרג.

— — — — — — — — — — — — —

„אוי, מיין זוהן!” האָט זי געזאָגט. בזה הלשון: „אוי, מיין זוהן”.

— — — — — — — — — — — — —

עס טאָגט.

דער קאָפּ איז פּוסט און גרויס, ווי אַ פאַס. מ'וואָלט בעדאַרפט אַוועקגעהן פון דאַנען. יאָ, אַוועקגעהן; אָבער — אַהאַ, די שטריק. מ'קאָן געפינען אַ מיטעל. עס מוז זיין עפּעס אַ מיטעל. אַזאַ — אַזאַ — מיטעל.

איך שטרענג זיך אָן צו ברענגען מיינע געדאַנקען האָטש ביסעל אין אָרדנונג.

אָט איז אַן אייזערנער נאָגעל. אין ווענטעל פון בעט, צו וועלכען איך בין צוגעבונדען, איז אַריינגעשלאָגען און האַלב פערבויגען אַ נאָגעל מיט אַ ברייט קעפּעל. ווי קומט אַהער אַ נאָגעל? דאָס איז נישט וויכטיג, אָבער מיט דעם נאָגעל קאָן מען — וואָס קאָן מען מיט דעם נאָגעל?

איך האָב זיך אַזוי לאַנג געדרעהט און געוואָרפען, ביז מיר האָט זיך איינגעגעבען צוצורוקען איינעם פון די שטריק צו'ם נאָגעל. דאַן האָב איך גענומען רייבען מיט'ן שטריק איבער'ן שאַרפען אייזערנעם קעפּעל.

שטונדען זענען פאַרביי. איך בין געוואָרען דול און האָב קוים געוואוסט וואָס איך טהו, אָבער איך האָב מיין אַרבייט, קענטיג, פאַרטגעזעצט מיט דער פּינקטליכקייט און עקשנות פון אַ מאַשין. עס איז געקומען אַזאַ מינוט, און די שטריק האָבען עטוואָס נאָכגעגעבען. נאָך און נאָך אַ ביסעל אָנשטרענגונג, — און ביי מיינע פיס זענען געלעגען צעריסענע, צעריבענע שטריק. ביי מיינע פיס זענען געלעגען צעבראָכענע שאַרבענס פון געטער.

י.

איך האָב זיך אָנגעבויגען איבער'ן בעט. דאָרט האָט נאָך אַלץ געפּיבערט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום עהנליכקייט צו קיין מענשען, אָבער דאָס קרעכצען איז שוין געווען אַזוי שטיל, אַז מיין אויער האָט עס קוים געהאַפּט. איך האָב שטיל אַרויסגערעדט: „מאַמע" . . . מיין אָטהעם האָט געגרייכט צו דער וואונד, וואָס איז אַמאָל געווען אַ געזיכט, און איך האָב נאָכאַמאָל געזאָגט: „מאַמע!" . . .

אַ בעוועגונג איז פאַרגאַנגען איבער דער וואונד, און עפּעס האָט זיך געעפענט. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט: דאָס איז געווען אַן אויג. איין אויג, — דאָס אַנדערע איז אויסגערונען. דאָס אויג איז געווען אַרומגעזאָדען מיט בלוט, אָבער עס האָט נאָך אַלץ געפינקעלט, ווי אַ גליענדיגע קויהל.

האָט עס מיך דערקענט? — כ'ווייס נישט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז יאָ. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס קוקט אויף מיר מיט אַ פראַגע און אַ שטרענגען פערלאַנג. „יאָ, יאָ, עס וועט זיין רעכט!" האָב איך געזאָגט הויך און ערנסט, נישט וויסענדיג אויף קלאָר, וועגען וואָס איך רעד.

דערנאָך האָב איך זיך אויסגעקוקט אין צימער. צווישן די אַנדערע שטיקער פֿונ׳ם צעבראָכענעם מעבל איז געלעגן אַ ביסל פֿונ׳ם טיש. עס איז געווען קאַלעבריג, דיק און געשטאַקט. עס האָט געשײַנט.

איך האָב אויפֿגעהויבן דאָס טיש־ביסל און מיט מײַן גאַנצער קראַפֿט האָב איך עס אַראָפּגעלאָזן אויף דאָס גליִענדיקע אײַנג. דאָס פֿײַער־בלומינקע „עפּעס" האָט געגעבן אַמן־אַמנציגען צוק און איז געבליבן ליגן ווי אַ שטיין. ניטאָ מער דאָס גליִענדיקע אײַנג.

אַ קורצער שליאַן מיט עפּעס אַ מאָרגנס. באַלד פֿערשטיקטע בריל האָבן דערגרייכט צו מײַן אויער. אָבער דאָס איז געווען אָן מײַן ווילען, איך פֿערזיכער אײַך. דערצו איז די שטימע געווען אַזוי פֿרעמד, דאָס איך בין ניט זיכער, אַז זי איז געווען מײַנע. —

ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָט די זון געשטראַלט בײַ׳ם אונטער־גיין. — די אַלטע זון, וואָס האָט דאָ געשפּילט איהר גאָלד מיט מיי־ווגער יאָהר צוריק. ווער האָט עס געזאָגט, אַז מיליאָנער יאָהר איז מעהר פֿון איין מעת־לעת? — איך בין אַלט געוואָרן מיליאָנער יאָהר.

יז.

עָס קומעַן די טונקעָלסטעָ טעָג אִין מײַן לעָבּעְן.

די שטאָדט האָט איבּעָרגעָלעָבּט אַ מין קדחת. שרפות, רציחות, בּלוטיגעָ געָשלעָגעָן און אַ שיסעָרײַ אין די גאַסעָן. עס האָט זיך, קעָנ־טיג, דאָך אָרגאַניזירט אַ זעָלבּסט־שוץ, שוין אונטעָר׳ן פײַעָר פון׳ם פּאָגראָם.

וואָס האָבּ איך געָטהון דעָמאָלט? איך ווײס נישט. אָט האָבּ איך זיך געָפינעָן אין די רײַהעָן פון זעָלבּסט־שוץ און אָט — אין דעָר מאַסעָ פון די פּאָגראָמשטשיקעָס. איך האָבּ זיך געָפיהלט, ווי אַ בּרעָ־מעָל געָטראָגעָן פון שטורם. אויף מײַן שטעָרן האָט געָבּרעָנט דעָר צלם. אין מײַנעָ אויעָרעָן האָט געָקלונגעָן: „אוי, מײַן זוהן!“.

אײבּ איך האָבּ נישט קײן טעות, האָבּ איך אײנמאָל בּעָגעָגעָנט מײַן גוי, — דעָם גוי, וואָס האָט, לכל הדעות, געָהעָרט צו מיר אַלײן. איך האָבּ געָהאַט אַזאַ געָפיהל, אַז אײבּ איך וויל, מעָג איך איהם נעָה־מעָן און אַראָבּלאָזעָן צו מיר אין קעָשעָנעָ. עָר איז געָוואָרעָן בּלאַס, און איז, קעָנטיג, נישט אימשטאַנד געָוועָן צו ריהרעָן זיך פון אָרט.

איך האָב איהם אָבער נישט גענומען. ער האָט גאָרנישט ניט געוועקט אין מיר. איך האָב איהם בלויז פריינדליך אַ קלאַפּ געטהון איבער דער פלייצע און פרעהליך צוגעוואונקען צו איהם מיט איין אויג. איך האָב נישט בעמערקט, אַז דאָס זאָל איהם געווען האָבען צוגעגעבען מעהר מוט.

אַ צווייטע סצענע איז פערבליבען אין מיין זכרון.

אַן אַלטער יוד לויפט איבער דער גאַס, און נאָך איהם — אַ יונגער שייגעץ פון אַ יאָהר זעכצעהן מיט אַ האַק אין האַנד. דער שייגעץ דעריאָגט דעם זקן און מיט איין קלאַפּ שפּאַלט ער איהם דעם קאָפּ. און אַז דער אַלטער פאַלט, דריקט דער שייגעץ צו מיט זיין שטיוועל דעם געפּלעטשטען קאָפּ.

אין דער רגע לויפט אַן אַ יודישער יונגערמאַן מיט אַ רעוואָלווער אין האַנד. אַ בלאַסער יונגערמאַן. אַ מאָגער געזיכט. ברילען.

זיי לויפען, און איך — נאָך זיי. דער יונגערמאַן שיסט אויס און טרעפט נישט. דער שייגעץ פערלאָזט די אַפּענע, ברייטע גאַס און לאָזט זיך אין אַ הויף אַריין. איך האָב זיך אָן עפּעס פערטשעפּעט און בין געפאַלען.

ווען איך בין אַריין אין הויף, איז דער שייגעץ געשטאַנען אין אַ ווינקעל, מיט׳ן רוקען אָנגעשפּאַרט אָן פּלויט. זיין כמעט קינדערש געזיכט איז גרין געוואָרען, די גרויסע אויגען זענען געווען גרויס און קיילעכדיג, און די צייהן זיינע האָבען געקלאַפּט שנעל און דראָבנע.

דער יונגערמאַן איז געשטאַנען האַרט נעבען איהם מיט׳ן רעוואָלווער אין דער אויפגעהויבענער האַנד, אָבער זיין פּנים איז געווען נאָך בלאַסער ווי פריהער. ער האָט געקוקט אויפ׳ן ווילדען שרעק פון יונגען בלוט און פלייש, געקוקט אַ ווייַלע, דערנאָך האָט ער צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צו זיין אייגענעם קאָפּ און האָט אויסגעשאָסען.

אין דעם שײַגעץ'ם אויגען איז פערלאָשען געוואָרען די לעצטע שײַן פון זינען. ער האָט זיך צוגעזעצט צו'ם קערפּער, וואָס האָט געצוקט נע־בען זײַנע פיס, האָט זיך ווידער אויפגעהויבען און מיט אַ משוגענעם געשרײַ איז ער אַריבערגעשפּרונגען איבער'ן טויטען און איז אַרויסגעלאָ־פען פון הויף.

בײַ מיר האָט זיך אַרויסגעריסען אַ הויך געלעכטער. מײַן פוס האָט זיך אַליין אויפגעהויבען און אַ בריק געטהון דעם פערבלוטיג־טען פגר, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעדרעהט אויף דער ערד, ווי אַ צעטראָ־טענער וואָרם.

יב.

דאָס האָט געדויערט טעג און נעכט, איך ווייס נישט וויפיעל, און איינ אָווענד בין איך געשטאַנען נעבען אַ טיר און האָב געקלאַפּט אין איהר אויף אַ געוויסען אופן. דאָס איז געווען אַ צייכען, אַז עס געהט אַ היימישער. וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ סיגנאַל? צו וואָס האָט ער געדינט און פון וואַנען האָב איך איהם געוואוסט?... איך האָב זיך די דאָזיגע פראַגען נישט געשטעלט, ווי מ׳שטעלט זיך נישט אַזעלכע פראַגען אין אַ חלום. די טיר האָט זיך געעפענט, און איך האָב דערזעהען מינאַ׳ן.

אַ בליץ האָט זיך אָנגעצונדען ביי מיר אין מח, און אויף אַ רגע האָט מיך אָנגענומען אַן אימה. איך האָב פערשטאַנען, וואו איך בין און וואָס איך וועל טהון. און באַלד אויף דער שטעל בין איך געוואָרען רוהיג.

זי האָט מיך נישט גלייך דערקענט. דערנאָך האָט זי זיך אַ טריי־סעל געטהון, האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנד און מיך אַריינגעשלעפּט אין צימער. איך האָב געלאָזען אַוועקזעצען מיך אויף אַ שטוהל.

זי האָט געקוקט אויף מיין קאָפּ און אויף מיין שטערן, וואו דער צלם האָט געברענט, און האָט געשוויגען. דערנאָך האָט זי געזאָגט מיט אַ פערדומפּפען קול:

— דערצעהלט.

איך האב איהר דערצעהלט. כ'האב דערצעהלט גערן, געלאַסען, אלעס. די יסורים פון מיין מוטער — מיט מאַנכע שענדליכע איינצעלהייטען. אויף איהר געזיכט האבען זיך געביטען די קאָליערען רויט, ווייס, גרין און געל. ווען איך האב געענדיגט, האב איך זיך פערנייגט פאַר איהר מיט אַן אַנגענעהם שמייכעלע. זי האט עס קיים בעמערקט און האט איינגעגראָבען איהר געזיכט אין ביידע הענד. דערנאָך האט זי אָבגעדעקט איהר פנים, וועלכעס איז געווען פערוויינט, — אמת'ע טרערען, אויף מיינע נאמנות: נאַסע, ווייכע און, איך געה אין געוועט, אַזעלכע וואַרעמע! — האט זיך אַראָבגעלאָזען פאַר מיר אויף די קניע און גענומען מיין האַנד. מיין שמייכעלע איז געוואָרען ברייטער. דאס מאל האט זי עס דערזעהען, האט זיך שנעל אויפגעהויבען פון דער ערד און אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער, וואַרפענדיג אויף מיר אונרוהיגע בליקען. איך בין מיר געזעסען און האב געשמייכעלט, ווי מיר האט זיך געדאַכט, זעהר אַנגענעהם.

ענדליך האט זי ביי זיך גע'פועל'ט אָנצוּווענדען עפּעס אַ מיטעל, וועלכעס זי האט, קענטיג, געדרעכענט פאַר זעהר שאַרף. זי האט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפ'ן שטוהל געגענ'איבער מיר און האט שטיל געפרעגט:

— און אייער בעשלום?...

מיין בעשלום? וועלכער בעשלום?... וואַרט אַ ווייַלע... יאָ, מיט יאָהרען צוריק, מיט אַ סך יאָהרען צוריק, האב איך אָנגענומען עפּעס אַ בעשלום, זעהר אַ וויכטיגען בעשלום, אָבער — וועגען וואָס?... און פּלוצים האב איך זיך דערמאָנט.

איך האב זיך פאַנאַנדערגעלאַכט איהר אין פנים אַריין. באַלד דערנאָך בין איך געוואָרען ערנסט און האב איהר אַ קוק געטהון גלייך אין די אויגען. זי איז געוואָרען ווייס, ווי לייוועַנד, און איז אויפגעשפּרונגען פון שטוהל. איך בין אויך אויפגעשטאַנען פון מיין אָרט לאַנגזאַם און רוהיג.

אִיךְ הָאבּ זִי פֶערגְוואַלטִיגְט.

זִי הָאט זִיךְ גֶעוֶועהְרט, ווִי מַײן מוּטֶער. אָבֶּער וואָס הָאבֶּען געקלֶעקְט אִיהרֶע קרֶעפְּטֶען גֶעגֶען דֶעם מַאן מִיט׳ן צלם אִיפּ׳ן שְׁטֶערְן? אוֹיף אִיהר פּנים אִיז אָנגֶעגַאנגֶען אַ מוֹרא׳דִיג שְׁפִּיעל פוּן פלַאמֶענדֶער רוֹיטקַײט אוּן בְּלַײכְקַײט פוּן אַ מת. גֶעשְׁרִיעֶן הָאט זִי נִישְׁט; זִי הָאט צֶעבִּיסֶען אִיהר אוּנטֶערשְׁטֶע לִיפּ, זִי הָאט זִי צֶעקְרַײט אוּן גֶעשְׁלוּנגֶען דָאס בְּלוּט. אוּן אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן מַײן אַרבַּײט. מִיט אַלֶע עֶ־נִיעדְרִיגֶענְדֶע אַײנצֶעלְהַײטֶען. דָאס הָאט גֶעדוֹיעֶרט לַאנג.

דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ זִי דֶערשְׁטִיקְט. דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט קוּרץ אוּן שְׁטִירְמִישׁ. אִיךְ הָאבּ אַײנגֶעגְרָאבֶּען מַײנֶע פִינגֶער, לַאנגֶע, בַּײנֶערִיגֶע פִינגֶער, אִין אִיהר ווַײסֶען הַאלז. זִי אִיז גֶעוֶוארֶען רוֹיט, בְּלוֹי אוּן בַּאלד דֶערוֹיף שְׁוואַרץ. עֶס הָאט גִיךְ גֶענוּמֶען אַן עֶנדֶע.

..ךְ הָאבּ זִיךְ אַ ווָארף גֶעטְהוּן אוֹיף אַ שְׁטוּהל אוּן כמעט אִין דֶערזֶעלבֶּער רגע בִּין אִיךְ אַנטְשְׁלָאפֶען גֶעוֶוארֶען, ווִי אִיךְ ווָאלְט מִיט אַ מָאל פֶערזוּנקֶען אִין אַ טִיעף ווַאסֶער. קֵיינֶע חלומות.

יג.

אַז איִך האָב עֲרוואַכט, האָב איִך בעֲמערקט, אַז דאָס סטעֶאַרין־ליִכט איפ׳ן טיִש איִז כמעט ניִשט קלעֶנעֶר געֶוואָרעֶן. איִך בין געֶשלאָפעֶן, וואַהרשיַינליִך, ניִשט מעֶהר ווי פופצעֶהן מינוט. אָבעֶר איִך בין געֶוועֶן פריִש, מונטעֶר און רוהיִג. דעֶר אויסגעֶשריַי: „אוי, מיַין זוהן!" האָט מיך ביִז היַינטיִגעֶן טאָג ניִשט פעֶרלאָזעֶן, אָבעֶר פון דאַן אָן איִז עֶר געֶוואָרעֶן וויַיכעֶר, מיִטעֶרליִכעֶר. מיַין מאַמעֶ׳ס נשמה האָט געֶפונעֶן אַ תקון.

אונזעֶר קאָנספּיראַטיִווע קוואַרטיִר איִז געֶוועֶן איַינגעֶאָרדעֶנט בעֶקוועֶם, כמעט עֶלעֶגאַנט, אום אויסצומיַידעֶן יעֶדעֶן חשד. איִך בין אַריַין איִן טואַלעֶט־ציִמעֶר און האָב זיִך גוט אָבגעֶוואַשעֶן דעֶם קאָפּ און די העֶנד. דעֶר שפּיִגעֶל האָט מיִר געֶוויִזעֶן, אַז איִך בין גרוי. איִך האָב עֶנדליִך דעֶרזעֶהעֶן אָט דעֶם צלם, וועַלכעֶן איִך האָב די גאַנצעֶ ציַיט בלויז געֶפיהלט. די וואונד האָט מעֶהר ניִשט וועֶה געֶטהון, זי האָט בלויז אַ ביִסעֶל געֶביִסעֶן.

תחלת האָב איִך געֶוואָלט נעֶהמעֶן אַ מעֶסעֶר, אָבשניַידעֶן אַ פּאַס פון שטעֶרן און — אָבמעֶקעֶן דעֶם צלם. דערנאָך האָב איִך זיִך בעֶקלעֶרט — זאָל עֶר בליַיבעֶן. „לטוטפות בין עיניך"... חאַ! אַזעֶלכעֶ „טוטפית" האָט עֶס אונזעֶר אַלטעֶר, ליִעבעֶר גאָט געֶמיַינט?

## יד.

איך בין קיינעם גאָרנישט שולדיג געווען און האָב פאַר קיין זאַך נישט געוואָלט צאָהלען.

שוין דיזעלבע נאַכט האָב איך פערלאָזען אונזער שטאָדט. אין צוויי טאָג אַרום בין איך אַריבער די דייטשע גרענעץ און האָב זיך אַוועקגעלאָזען קיין אַמעריקאַ.

דער ים האָט מיך אויפגענומען מיט ענדלאָזער ברייטקייט, מיט רויהע ווינטען, מיט שאַרפען, געזאַלצענעם אָטהעם. און גערעדט האָט ער צו מיר פון וואונדערבאַרע זאַכען, גערעדט־גערעדט און געשוויגען־גערעדט. מיט פרייד און שטוינען האָב איך איהם צוגעהערט, און נישט אין ווערטער וועל איך איבערגעבען, וואָס ער האָט מיר דערצעהלט.

כמעט באַלד נאָך מיין קומען קיין אַמעריקאַ האָב איך זיך אַוועקגעלאָזען וואַנדערן איבער׳ן לאַנד. און די פרעהריע האָט גענומען מיר פערטייטשען אויף איהר לשון, וואָס דער ים האָט געמיינט מיט זיינע רעד. אָ, די פרעהריע! איהרע נעכט, איהרע טעג!...

שוין באַלד דרײַ יאָהר, זינט איך וואַנדער אַרום. און איך, נײַ־געבוירען קינד, שפּיר, אַז איך בין שוין גאַנץ קרעפטיג. און גיכען וועל איך געהן צוריק צו'ם ישוב.

און דעמאָלט — — —

— — — — — — — — — — — — —

איך האָב אַ קוק געטהון אין זײַן זײַט, אָבער ער האָט מעהר גאָרניט געזאָגט. און מיר האָט ער, קענטיג, פערגעסען.

און איך, אַ מענש וואָס איז שוין יאָהרען לאַנג געווען דער'איסען פון אַלעם, האָב געטראַכט:

עס וועט אויפשטעהן אַ דור פון אַנדערע מענשען. און זיי וועלען אויפבויען דאָס, וואָס מיר האָבען דערלאָזען חרוב צו ווערען.



## נאכט.

שווימט אַ שיף אין מיטען ים,
שווימט און וויעגט זיך הער און הין.
שיף, פון וואַנען? שיף, וואוהין?..—
געהט אַ שיף אין בּרייטען ים...

חמורנע, אומעטיג אויפ׳ן ים... עס דוכט זיך — נאָך האָט גאָט די וועלט ניט בעשאַפען. צווישען דעם קיטיגען הימעל און דער וויסטער איבערפלעכע פונ׳ם וואַסער, איף דער גאַנצער ברייט פונ׳ם וועלטליכען תהו ובהו, שוועבט אַרום דער גייסט פון אַלמעכטיגען גאָט — אַ שטרענגער, אונפריינדליכער און שווער־פערזאָרגטער גייסט. אונרוהיג שליידערען זיך איינע אויף די צווייטע די טונקעל־געדיכטע וועלען מיט די גרויסע שוים־קעפּ. שווער איז דער אומעט פון פערטרויערטען ים און גרוים איז זיין אויפרעגונג. מענשעל, וואוהין קריכסטו! מענשעל, וואוהין רוקסטו זיך! אויף אַ שאָל פון אַ ניסעל האָסטו זיך געלאָזען איבער די מעכטיגע וואַסערען. אַך, דו נעבעך־נעבעכעל!...

פון אלע מעגליכע זייטען: פון טונקלען איבען, פון קאלט-פיילטען אינטען, פון אונקלארען, אונבעשטימטען האריזאנט-רינג—רוקט זיך אויף דאס שיף א געהיימניספולע, שטאק-בלינדע נאכט. און ווי דאס קרעכצען פון שיף אין דעם אהן-אויפהער-געריוש פון די וועלען, אזוי ווערט פערשלונגען די אונדדרכטע שיין פון די פענסטער—אין צוזאמענגעפאסטענעם נעבעל פון הימעל, וואסער און נאכט. און בלויז איבער דער „נאז" פון שיף און איבער זיין הינטערטייל ציטערען קונדעריש-הילפלאז צוויי עלענדע, פערלוירענע וואנדער-פייערלעך...

קאפיטאן, קאפיטאן! זענען מיר ווייט פון לאנד?.. איז נאך איבערהויפט פארהאן ערגענץ פעסט לאנד אויף דיזער וואסער-מדבר? איז אפטמאל די ערד נישט א חלום?..

ווייט, א, ווייט! זעהסטו אנדארטען הינטער אונז, וואו דו זעהסט גארנישט?... קאנסטו איבערלויפען אין דיין געדאנק צוריק איבער דעם לאנגען, לאנגען פלייץ, וואו מיר האבען געלאזען הינטער זיך אזוי פיעל העלע און פערצאגטע טעג, אזוי פיעל בלאסע און שווארצע נעכט?... דארטען — דארט גליהט די ערד אין זונענשיין אין שטעהט, זי געשטימעדט. און אהער ווארף א בליק, אין די צווייטע זייט. שפירסטו די טעג אין נעכט, וואס קומען אונז אנטקעגען? אויך הינטער זייערע פלייצעס צייכענט זיך שארף א לאנגער, צעגליעדערטער ערדפאס. דערווייל אבער... עה. גיעב אכט! א וואסערבארג געהט אויף אונז!..

— — — אופ-ף!... פארביי...

— — — — — — — — — — — — — —

ליעדער.

פערשיעדענע ליעדער הייבען זיך פון שיפדעק און ווערען פער-שטארבען אינ'ם פייפען פונ'ם ווינד צווישען די מאסטען און אינ'ם קאך פון די וואסערען ארום. שאטלענדישע ליעדער מיט א ווילדליכען אבקלאנג פון שטרענגע בערג, פינסטערע וועלדער און נאציאנאלע „זאק-פייפלעך",

אִיטאַלִיעֶנִישֶׁע גראַציעֶזֶע מעֶלאָדִיעֶן, אָנגעֶזאַפּט מִיט זוּנעֶנשטראַהלעֶן און
הַיְיסֶע בּלִיקעֶן פון נאַכְט=שוואַרצעֶ פרויעֶן=אויגעֶן. „גאָר בּלעֶס רהִי שִׁיף!“ *)
אִיז מתפּלל דעֶר געֶזאַלצעֶנעֶר, מִיט ים=וואַסעֶר דורכְגעֶווייֶקטעֶר בּרִיט מִיט
אַ שטאַרקעֶר, נִיעדרִיגעֶר שטִימעֶ. און פלִיצִים... אַ דִין יוּנגעֶלשׁ קול־בּעֶל
פלעֶכְט זִיךְ אַרײַן אִין דִי מִיט אִין פלַייסט זִיךְ צוּ זִינגעֶן דוקא גראָב, ווִי עֶס
זִינגט אַ געֶזוּנדעֶ בּרוּסט: „סמיעֶלאָ, דרוזיאַ! ניעֶ טיעֶריאַיטיעֶ סִילִי וו' ניעֶ=
ראַוונאַם בּאָיו!“... און דִי מאַרסעֶליעֶזעֶ קוּמט דעֶרנאָךְ, און „דוּבִינוּשקאַ“,
און נאָךְ, און נאָךְ... און בִּיסלעֶכְוויַיז ווערט דִי שטִימעֶ ווייֶכעֶר, דִי
טעֶנעֶר—נִיעדרִיגעֶר און בּעֶהאַרצטעֶר, און אַ טִיעפעֶר, פעֶרבּאָרגעֶנעַר צִיטעֶר
שווִינדעֶלט אוּנטעֶר דִי ווערטעֶר: „אִיךְ בּעֶט דִיךְ, קלעֶר=אויף מײַנעֶ אָרעֶמעֶ
בּרִידעֶר“... אַ, מײַן לִיעבּעֶר „איכה“ — אִיךְ דעֶרקעֶן דִיךְ! אִין פרעֶמדעֶ
ווערטעֶר, אִין פעֶרשִׁיעדעֶנסטעֶ מעֶלאָדִיעֶן שנַיידסטוּ זִיךְ אַ וועֶג, דוּ אייֶבִּיגעֶר,
אונשטעֶרבּלִיכעֶר לַייטמאָטִיו... אִין וואָס פאַר אַ קלַיידעֶר דוּ זאָלסט אויף
זִיךְ נִיט אַרויפצִיהעֶן — דיינעֶ שמעֶרץ=טעֶנעֶר פעֶרראַטעֶן דִיךְ בּאַלד... זִינג,
זִינג, — דוּ בּלאַס, אָבגעֶצעֶהרט יוּנגעֶל מִיט דִי גרויסעֶ, לִיכְטִיגעֶ אויגעֶן:
דײַן געֶזאַנג פאַסט זִיךְ צוּ'ם שווערעֶן אוּמעֶט פון פעֶרטרויעֶרטעֶן ים...

— — — — — — — — — — — — — —

טִיעפעֶר און טִיעפעֶר זעֶצט זִיךְ אויף אוּנז דִי אַרוּמִיגעֶ נאַכְט. שטִיל
אִין דעֶרשראָקעֶן קרעֶכְצט אוּנזעֶר שִׁיף און צִיטעֶנווייַז חלִיפּעֶט עֶס, ווִי אַ
קִינד פון שלאָף. און געֶהט. מ'זעֶהט נִישט קײַן פִיהרעֶר. געֶטרִיעבּעֶן פון
קרעֶפטעֶן געֶהיימעֶ, ווִי אַ נאַכְטוואַנדלעֶר לויפט עֶס אִין שלאָף.

געֶזאַלצעֶנעֶר, שאַרפעֶר ווערט דעֶר אָטהעֶם פון שוואַרצעֶן, צעֶרוּדעֶר=
טעֶן ים. קײַן מעֶנש אויסעֶר מִיר אויפ'ן דעֶק. און פּנים אל פּנים בּעֶרבּרעֶנ=
געֶן מִיר בּײדעֶ, אִיךְ און דעֶר ים, אַ לאַנגעֶ, אָ לאַנגעֶ, אִין שלאָפלאָזעֶ
נאַכְט.

אַהעֶר, גוּטעֶר=בּרוּדעֶר! גִיעבּ מִיר דײַן מעֶכְטִיגעֶ, אײַז=קאַלטעֶ האַנד,
ווִי גרויס און שטאַרק דוּ בִּיזט, אַזוי קלײַן און נִישטִיג בִּין אִיךְ. ווִי אוּנ=

*) גאָט, בּעֶנטש דאָס שִׁיף.

בּעגרענצט עס איז דײַן מאַכט, בּין איך ניט ווענינגער שוואַך און הילפֿ־לאָז. אָבּער ווי שרעקליך דײַן אויפרעגונג זאָל ניט זײַן, בּין איך טויזענ־דער, טויזענדער מאָל צערודערטער און אונרוהיגער . . .

גרויס איז די אונרוהע פון קלײנינקען מענשעלע.

זעה! זעלטען־ווען רײַסט דו זיך אַרײַן אין מאַנכע פון מײַנע שטעדט און דערפֿער. און איך דיך — האָבּ אין די לענג און אין די בּרײט ניט אײנ־מאָל דורכגעשפּרײַזט, דײַנע טיעפענישען געפּאָרשט, און — צו קלײן בּיזט דו פאַר מיר . . . ווען דו צעבּײזערסט זיך, דאַן — אָ, געוויס! — קוקט דער טויט פון דײַנע אויגען. אָבּער ווען איך, ווען איך ווער צעווילדעט, דאַן בּליצט פון מײַנע — שגעון! . . . חאַ־האַ

— — — — — — — — — — — — — —

מו־או־או־או! — האָט זיך פּלוצים אַרויסגעריסען בּײַ׳ם שלאָפענדען שיף פון דער בּרוסט.

אַ ווײַסער נעבּעל האָט אַרומגערינגעלט אונזער שיף, קריכט אויפ׳ן דעק, אין פּנים, אין די בּײנער אַרײַן. דער טרײַבּ־שרויף הויבּט אָן צו אַרבּײַטען לאַנגזאַמער און שווערער. אַ רויהער, הײזעריגער פּײַף שפּרינגט פון דעק אין נעבּעל אַרײַן. נאָך איהם אַ צווײטער, אַ דריטער, אַ צעהנטער און מעהר. יעדער פון זײ לאָזט זיך זוכען זײַנע פערשוואונדענע בּרידער און ווערט פערלוירען, אַזוי ווי זײ . . . אַ שווײַגענדע, פערבּיסענע אימה. דאָס אויער שפּיצט זיך פון זיך זעלבּסט. דאָס אויג דרינגט אומזיסט אין די גאָהענטע ווײַטקײט . . .

. . . שטיל און אונקלאָר, ווי אַן אַלטער, לאַנגאָנענדינער חלום, קומט אָן פון ערגעץ עפּעס אַ קלאַנג. מעגליך — אַ קרעכץ, מעגליך — אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער געניץ פון אַ בּרײטען האַלז־און־מויל. אונזער שיף טהוט אַ דערשראָקענעם צאַפּעל און ענטפּערט הײזעריג און פערצווײפעלט. אַ צווײטער קלאַנג, אַ בּיסעל דײַטליכער, דערגרײכט צו מײַן אויער, און אויפ׳ן וויסטען וואַסערפלײן פאַנגט זיך דאַן אָן אַ מאָדנער דועט צווישען

צייִ וועלכּען, וואָס זעהען נישט איינע די צווייטע. עס איז שווער צו זאָגען, פון וואַנען עס קומט די פרעמדע שטימע: פון גאַנץ ווייט, אָדער פון גאָר נאָהנט, פיעלייכט פון פאָרענט, און אפשר ערגעץ פון אַ זייט. און מיר דוכט — איך זעה, ווי אויפ'ן דעק פון יענעם פערבאָרגענעם שיף שטעהט אויך אַזאַ עלענדער, ווי איך, אין אַ לאַנגען, שוואַרצען מאַנטעל, מיט אַ בלאַס געזיכט און פינקלענדע אייגען, און קוקט שאַרף און גיעריג אין ווייסען, בלינדען נעבעל אַריין, און איהם דוכט זיך — ער זעהט אויפ'ן דעק פון אַ פערבאָרגענעם שיף מיך, און אונזערע בליקען בעגעגנען זיך...

... דער פייף פון ווייטען געהט פאַרביי אין אַ זייט און לאָזט זיך הערען שוואַכער. דערנאָך ווערט ער איינגאַנצען דערטרונקען אין דער נאַכט.

אַדיע, מיין אונבעקאַנטער חבר! גריס אין מיין נאָמען דעם אייביג־וואַנדערנדען „פליהענדען האָלענדער"...

אונזער שיף האָט זיך אַרויסגעשלאָגען פון שלאָף און לויפט שטאַר־קער און מונטערער זיין וועג.

— — — — — — — — — — — — —

די נאַכט איז ווי וואַסעריג געוואָרען. אַ בלאַסע, שיטערע פּליסיג־קייט דרינגט פון ערגעץ אין די פינסטערניש אַריין, מישט זיך לאַנגזאַם מיט איהר און פאַרבט זי אַלץ גרויער און גרויער. דער גרויער אָבגרונד שווינ־דעלט אין די אויגען, און פון איהם איז נאָך שווערער אַרויסצובעקומען חאָטש אַ וועלכען עס איז בעשטימטען שטריך. עס חלומ'ט זיך, אַז די לופט איז פול און פול מיט עפּעס אַזעלכע נישט־געשטאַלטענע־נישט־געפלויגענע, ציטערנ־דע און פלאַטערנדע, בעשעפעניסען, אַז אָט־אָט האַפּט דאָס אויג עפּעס ווייכע, פערקייטלעכדיגטע פאָרמען, וואָס צעגעהען, איידער זיי קומען צו שטאַנד, שטאַרבען אָב, איידער זיי ווערען געבוירען. עס איז אָנגעקו־מען יענער אונפערגעסליכער מאָמענט, דאָס „בעגינען", ווען דער צייטשטראָם בלייבט שטעהן צווישען דער געוועזענער נאַכט און דעם מעגליכען טאָג; ווען דער מלאך פון שלאָף גיעסט אויס אויף די ערד זיין גאַנצע צויבערקראַפט; ווען פערשלאָפענע יורען אין מיין שטעדטעל

וואַנדערען — סליחות=צייט — איבער די פינסטערע גאַסען צו דער שול, ווי נאַכט=גייסטער, און חלום'ען געהענדיג . . . צו מיין אייער דערגריי= כען עטליכע קלעפּ פון אונזער אַלטען שמש'ס הילצערנעם העמער'ל, — קלאַנגען, וואָס זענען געבוירען געוואָרען, ווען איך בין נאָך אַ קינד געוועזען, האָבען מיך יאָהרען לאַנג אַרומגעזוכט איבער דער וועלט און יעצט האָבען זיי מיך אָנגעיאָגט אין מיטען ברויזענדען ים, — און מיין האַרץ הויבט אָן האַסטיגער צו קלאַפּען זיי אַנטקעגען . . . די לאַנגע, לאַנגע פערגאַנגענהייט און די קורצע, מאָמענטאַלע געגענוואַרט גיסען זיך צוזאַ= מען. די רעאַלע וועלט פערוואַנדעלט זיך אין אַ חלום, חלומות ווערען ווירקליכקייט. אַרום אונזער שיף דרעהען און וויגען זיך די דרימלענדע הייזלעך פון מיין ליעבהאַרציגען שטעדטעל, עס שווימט פאַרביי די אַלטע שול מיט דער אַלטער מאָגערער „קאַלינע" נעבען איהר . . . מיין קינדעריש הערצעל צאַפּעלט, עס רוישען וואַסער=וועלען, עס קלאָגען זיך די גאַל= ביטערע אין מאַמע=ווייבע טענער פון „שמע קולנו", ערגעץ גאָר נאָהענט קלינגט מען פיער מאָל „וואַך=שטונדען" — און איך ערוואַך, ווי פון אַ טיעפען שלאָף.

דער טאָג געהט.

די וואָלקענס ווערען דורכזיכטיג, שיטערער, רייסען זיך ערטער= ווייז און ענטפּלעקען דעם מאַט=איינגעבלייכטען הימעל. דאָס גערייש פון די וואַסערען פערליערט זיין שרעקענדען חאַראַקטער: די וועלען שפּילען זיך פערשייט און לוסטיג, אַ ביסעל ווילד, ווי צעלאָזענע קינדער. גרויס און שטראַהלענד שטייגט **עמיצער** אַרויף דאָרט ווייט, ביים ברעג פון ים און הימעל, און זיינע בליקען פערטרייבען די לעצטע שאָטענס פון דער פערשטאָרבענער נאַכט. שוין וועט זיין דער טאָג, וואָס קומט אָן אויף אונז!

איך קוש דיין קאַלטע, טויטע האַנד, מיין ליעבע, ליעבע מוטער נאַכט! שוין וועט זיין דער טאָג, וואָס געהט געבוירען ווערען, אָבער איך דיך, מיט דיין טיעפען, האַרציגען אומעט, וועל איך קיינמאָל נישט פערגעסען.

אַ מאַטראָז מיִט אַ בעֶזיִם איִן האַנד שפּריִנגט פּלוצים פון ערגעץ ארויס אויפ׳ן דעק , שוואַרץ , ווי אַ טײַוועל . איך האָב געגלויבט — אָט באַלד זעצט ער זיך רײַטענדיג אויף זײַן בעזים און הײבּט זיך אויף אין די לופט , אָדער ער שפּריִנגט אַרונטער איִן ס׳וואַסער און פערוואַנדעלט זיך איִן אַ פערקריִפּעלטען זקן , האַלב מענש , האַלב פּיש . איִן דער וויִרק־ליִכקײַט האָט עס ניִשט פּאַסיִרט . ער לויפט פאַרבײַ מיִר און פערזיִנקט איִן עפּעס אַ לאָך אַזוי געשוויִנד , ווי ער האָט זיך בעוויִזען .

דער טאָג איִז געקומען .

## שוײַגען.

איבער'ן ים האָט געבּרענט דער טאָג אין זײַן גאַנצער הערליכקייט. די מעלטינגע בּליִע בּרוסט האָט זיך נאָך געוויגט אַרויף און אַראָפּ נאָך דער שווערער, אונרוהיגער פערבּראַכטער נאַכט, אָבער מיט יעדען מערקליכען טריט, וואָס די זון האָט געמאַכט איבּער'ן הימעל, האָט זיך דאָס וואַסער געשטילט אַלין מעהר און מעהר. אַ בּרייטער שנײַ־ווײַסער שוים־וועג, געפּלעקט מיט גרין און בּלוי, האָט זיך געצויגען פון הינטער אונזער שיף און איז פערלוירען געגאַנגען אין דער העלער גאָלדענער ווײַטקייט, און פון פאָרענט איז געלעגען פונקט אַזאַ העלע גאָלדענע ווײַטקייט, און פון אַלע זײַטען האָט זי איף אונז געקוקט, און אונזער שיף איז געוועזען דער מיטעלפּונקט פון דער וועלט.

צווישען די פּאַסאַזשירען האָט זיך בּיסלעכווײַז אויסגעוועבּט אַ גאַנץ פון בּעשטימטע פערבּינדונגען און פערהעלטנישען, מענשען, וואָס דאָס צוזאַמענלעבען אויפ'ן שיף האָט זיי צונויפגעפיהרט צו'ם ערשטען און, פיעלײַכט, צו'ם לעצטען מאָל, האָבען געשלאָסען פרײַנדשאַפט, זיך געיאָגט נאָך כבוד און געפיהרט רכילות; אַ יונג פּאָרל האָט געזוכט אײַנזאַמ־

קײט. די װעלט־געשיכטע האָט זיך אָנגעפאַנגען אױפסנײ פון סאַמע אָנהױב.

דער טאָג דערװײַלע איז געװאָרען עלטער. פון אַ פערשײַטען יונגלינג האָט ער זיך פערװאַנדעלט אין אַ דערװאַקסענעם, ערנסטען מאַן, װאָס װײסט, װאָס ער װיל, דערנאָך אין אַ בעיאַהרטען מענשען, װעלכער פערשטעהט, װאָס איהם ערװאַרטעט, און איז גרייט רוהיג צו בעגעגנען דאָס אונפערמײַדליכע... די זון האָט דורכגעמאַכט דרײַ פיערטעל פון איהר טעגליכען װעג, און איהר פּנים איז געװאָרען עטװאָס רױטער און מידער. די װאַסערען האָבען זיך כמעט אינגאַנצען בערוהיגט.

און דאַן איז עפּעס געשעהען.

אַ פּאַסאַזשיר האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער'ן „באָרד", איז געשטאַנען אַ װײַלע אין דער דאָזיגער פּאָזע און נאָכדעם איז ער לאַנגזאַם אַרונטערגעפאַלען אין װאַסער אַרײַן. אָהן װערטער, אָהן דעם מינדעסטען געשרײַ. געשעהען איז עס אַזױ אונגעאײַלט, אַזױ נאַטירליך, דאָס אין ערשטען מאָמענט האָבען די אַרומיגע ניט פערשטאַנען, װאָס, אײגענטליך, איז דאָ פאָרגעקומען.

אַ גאַנצע שטונדע האָבען די מאַטראָזען אױף אַ שיפעל אַרומגעזוכט דעם דערטרונקענעם. אומגעקעהרט האָבען זײ זיך מיט גאָרניט. מידע און פערצאָרנטע.

װער איז ער?.. אַלע האָבען בעמערקט, נאָר קײנער — געזעהען. די פּאַסאַזשירען זענען זיך צונױפגעלאָפען אױפ'ן דעק אין אַ געדיכטע, שװײַגענדע מאַסע, װי דערשראָקענע שאָף. דער שיפס־אינטענדאַנט, אַ הױכער, שענער יונגערמאַן מיט גרױסע, פּעכט־שװאַרצע אױגען, איז געשטאַנען פאַר זײ אַ צעטראָגענער, מיט דער ליסטע פון די פּאַסאַזשירען אין דער האַנד, און האָט אױפ'ן קול אױסגערופען פערשידענע נעמען, אױף װעלכע מען האָט געענטפערט פון דער מאַסע נערװעז און אײַליגנדיג. „דזשאָהן קליפפאָרד!"... „פּאַאָלאָ בערנאַרדיני!... „משה װײַנשטײן!"... — מיט יעדען נײַעם בעענטפערטען נאָמען איז די אַלגעמײנע

אָנשטרענגונג געוואַקסען און געוואַקסען .

— יאַנקאָ ראַוויטש ! . .

שטיל .

— יאַנקאָ ראַוויטש ! . . .

קײן ענטפער . דער אינטענדאַנט איז בלאַס געוואָרען . אַ פּאָר קאַלטע פליגעל האָבען אַ פּאָך געטהון איבער'ן דעק פון שיף . . .

— יאַנ=קאָ ראַ=אַ=וויטש ! . . . — האָט דער אינטענדאַנט נאָך אַ מאָל אויסגערופען הײזעריג און פערשטיקט . מיר האָבען אונטערגעכאַפּט דעם נאָמען , און די צװײ װערטער „יאַנקאָ ראַוויטש“ האָבען זיך געטראָגען איבער אונזערע קעפּ , זענען אַרײַנגעדרונגען אין אַלע קאָרידאָרען , אין אַלע קאַיוטעס , האָבען אַ הויבשע צײַט אַרומגעשײַעט איבער'ן גאַנצען שיף , איבער אַלע פּערדוכפּעגער , שװאַכער און האַפּנונגסלאָזער . . . אין לאַנג האָבען מיר געקוקט אַרונטער , אויף דעם בערוהיגטען ים .

אַלזאָ , פון דער װעלט איז אַװעקגעגאַנגען „יאַנקאָ ראַוויטש“ . . . אין מעהר גאָרנישט . פון די שיפסבילעטער האָט מען זיך נאָך דערוואוסט , אַז אַלט איז ער געװעזען זיבען און פערציג יאָהר און קומט פון בעלגראַד , סערביען .

װאָס פאַר אַ מענש איז ער געװעזען ? װי אַזוי האָט ער אויסגעזעהען ? קײנער װײסט נישט . זײַנע שכנים אין קאַיוטע האָבען זיך איך איהם נישט אײַנגעקוקט , װײַל ער האָט שטענדיג געשוויגען . קײנער האָט אפילו רעכט זײַן פנים נישט געזעהען . דוכט זיך — אַ מאָגערער , אַ ברײטבײנעריגער , און אפשר נישט . . . אַלע האָבען געמערקט — קײנער האָט נישט געזעהען . איצט איז ער געשטאַנען פאַר אונז , װי אַ שרעקליכער סוד , װי אַ פײַנליכע רעטעניש . יאַנקאָ ראַוויטש . . . יאַנקאָ ראַ= וויטש . . . װאָס איז געװעזען יאַנקאָ ראַוויטש ? . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

די זון האָט בעריהרט דעם ים מיט איהר אונטערשטען ראַנד און איז געבליבען שטעהן אויף אַ ווײַלע. רויט, גרויס, מיט שאַרף געצײַ־כענטע קאָנטורען און טיעף פערקלערט, האָט זי, קענטיג, געטרויערט פון איהר יוגענד, וועלכע זי האָט צוריק מיט מיליאָנען מיליאָנען אײפ־געגנג און אונטערגעגנג געבוירען דעם ערשטען טאָג אויף דער ערד. וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע צײַט דאָס איז געוועזען! ווי גוט עס איז צו זײַן אַ יונגער גאָט, און ווי גרויס איז דער עלענד פון אַן אַלטען!...

און שטיל איז זי פערשוואונדען אונטער׳ן ים.

פרעמדע, אומבעקאַנטע שטערען זענען אַרויסגעטראָטען אויפ׳ן פרעמדען הימעל. אַ שטילער אָוונד האָט זיך צעגאָסען איבער דער וועלט. גאַנצע מחנות שאָטענס זענען זיך צונויפגעלאָפען פון אַלע עקען פון הימעל און האָבען זיך געדיכט געלעגט אויף דאָס וואַסער. אַ שטומע שווייגעניש איז אַרויסגעשוואומען פון די טיעפעניששען פון ים, האָט זיך אויפגעהויבען, איז זיך צעוואַקסען און האָט פערפילט די וועלט. און גרויס איז געוועזען דאָס שווײַגען פונ׳ם ים, ווי ער אַליין.

— איך האָב געהאַט אַ בעקאַנטען, אַ מאַלער, — דערצעהלט מיר מײַנער אַ שכן אויף דער באַנק, אַ גרויליבער, פעסט געבויטער מענש, מיט בלויע, פערטראַכטע אויגען, — פלעגט ער מאָלען דעם ים, איז ער פון זינען אַראָב...

— פאַר וואָס?.. — פרעג איך איהם.

— ער פלעגט זאָגען, אַז ווען דער ים רעדט, קאָן ער איהם מאָלען. מעהר אָדער ווענינער פאַרבען, אַ ווײַבערער אָדער אַ שאַרפע־רער שטריך — דאָס אַלעס איז מענשליך. נאָר ווען דער ים שווײַגט... דערצעהלט ער איהם אַזוי פיעל, אַזעלכע זאַכען, וועלכע ער איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבען אויף די לײַוואַנד. ער האָט זיך מיר בעקלאָגט, אַז דער שווײַגענדער ים נאָגט איהם אויס דעם מאַרך פון די ביינער, און דער רעדענדער — עסט זיך איהם צו מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר און מעהר, און זײַן רעדען קלינגט איהם ווי אַ גאַנץ געוועהנליכע

„קלוגע“ פלױדערײַ . . .

איך האָב אַ קוק געטהון אױף מײַן שכן אױפמערקזאַמער. ער האָט גערעדט געלאַסען, מאָנאָטאָן, װי אַ פערשלאָפענער. און געקוקט האָט ער, דוכט זיך, אױפ׳ן ים און אפשר אין ערגעץ ניט. אָבגעשװיגען אַ שטיקעל צײַט, האָט ער װידער אָנגעהױבען:

— דערזעלבער קינסטלער האָט געהאַט אַ געליבטע, — דאָס הײסט, ער האָט ליעב געהאַט אַ מײדעל, װעלכע האָט איהם נישט ליעב געהאַט. זי האָט גערעדט, געזונגען, געלאַכט און האָט נישט געקאָנט פערטראָגען זײַן שװײַגען, מיט װעלכען ער האָט זיך, מײַן איך, אָנגעשטעקט פונ׳ם שװײַגענדען ים. נאָר װען דער קינסטלער איז משוגע געװאָרען, האָט איהם דאָס מײדעל ליעב בעקומען. פון דאַן אָן האָט זי אױך אױפגעהערט צו רעדען, לאַכען און זינגען. זי האָט איהם גענומען צו זיך אין הױז, און אין די שטורמישע טעג, װען דער ים רעדט, האָט מען זײ נישט געזעהען דרױסען. נאָר אין די שטילע, גאָר שטילע טעג און נעכט פלעגט זי אַרױספאָהרען מיט איהר קראַנקען געליעבטען אױף אַ שיפעל װײַט אין ים אַרײַן און פערברענגען דאָרטען שטונדען לאַנג. װאָס זײ האָבען דאָרטען געטהון, װײס איך נישט, נאָר יעדעס מאָל האָט זי צוריקגעקעהרט בלאַסער און בלאַסער. דעם סוף פון דער מעשה װײס איך אױך נישט: כ׳האָב איהם נאָך נישט צוגעקלערט . . .

מײַן שכן האָט זיך אױפגעהױבען פון דער באַנק און איז אַריבערגעגאַנגען אױף די צװײטע זײַט פון שיפרעק.

— נו, און די מאָראַל דערפון? . . — האָב איך איהם נאָכגעשריגען.

ער האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד, װי אײנער רעדט: „אָט לאָז מיך געמאַך“.

אַ מאָדנער מענש! . .

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס שיף האָט זיך געוויעגט , איך האָב געדרימעלט , און עמי־
צער האָט מיר גערעדט שטיל אין אויער אַריין:

— איך האָב געקענט א מאַלער , פלעגט ער מאָלען דעם ים, איז
ער משוגע געוואָרען... גערופען האָט מען איהם יאַנקאָ ראַוויטש...

# דער אייזבאַרג.

העלע, וואַרעמע טעג האָבען געבלאָנדזשעט איבער'ן ים.

אויף דער יבשה האָט מען איצטער ספירה געצעהלט, און וואו קיין פוס האָט נישט געטראָטען, וועניען שאַרפע גראָזענע צינגלעך געקראָכען פון דער ווייכער, שמעקענדיגער ערד, האָבען געשטיגען און געשאָסען אַרויף, צו דער וואַרעמער זון, דערווייל נאָך שיטער און הורבוזיבלטיג, ווי די ערשטע ווייכע הערלעך אויף אַ פרישען יונגעלשען פנים. אויף דער ערד האָט מען איצטער ספירה געצעהלט, און אויף די האַלב הוילע צווייגען פון די ביימער האָבען, ווי פערגליווערטע טראָפענס טוי, געשפּראָצט גרינע, פולע קנאָספען, שטילע פערפאַקטע און פערוויקעלטע, טראָגענדיג אין זיך די טונקעלע שאַטענס, וואָס די ביימער וועלען שפּעטער אַרום זיך פערשפּרייטען. — און דאָ, אויף דער גלאַטער וואַסער-פלעכע — קיין בערגעל, קיין ביסעל, קיין גרעזעל, קיין איינציגער געגענשטאַנד, אויסער אונזער שיף, דאָס איך זאָל האָבען אויף וואָס זיך אָבצושטעלען. און דאָך וועניען פאַרבען און קלאַנגען, טויזענדער פאַרבען און טויזענדער קלאַנגען, געשאַפען געזייאַרען

יעדע מינוט, יעדע סעקונדע, און אַלע פאַרבען און קלאַנגען, וויאָס די יבשה האָט קיינמאָל געהערט און געזעהען. די בלויע ליגענדער פון ים אויסגעשפרייט אונטען, דאָס ווידענס פון הימעל פערציגען אייבען, און דער טאָג, מיט זיין גאָלדענעם פינזעל און האַנד, האָט אַרומגעשייעבט און דער ליפט, ציישען זיי ביידען, האָט געפאַרבט און געמאָלט, קאָליערט, קאָמבינירט אָהן אַ סוף, אָהן אַן עק . . . ביי די נעכט האָט עס פון דער בלוי־בלינדער ווייטקייט עפּעס געמורמעלט, גערעדט צו געקלונגען, וואָס — האָט קיינער פון אונז ניט געוואוסט, נאָר סטרונעס האָבען געציטערט ביי יעדען און האַרצען, און קאָפּ האָט עס, דוכט זיך, געזונגען, צו מעשיות דערצעהלט, צו דינע חלומות געשפּינט און געוועבט . . .

און וואַרעם איז געוועזען די לופט און ווייך, ווי בוים׳איל.

און פלוצים, און אַ וואַרעמען, גאָלדענעם פריהמאָרגען, האָט ערגען פון אַ זייט אַ ציה געטהון אַ דינער, שאַרפער און קאַלטער שטראָם.

— — — — — — — — — — — — —

שוין פון די ערשטע טעג פון אונזער רייזע האָב איך געוואָרפען אַן אויג אויף צוויי פּאַסאַזשירען פון אונזער שיף. דאָס איז געוועזען אַ יונג פּאָרל.

זי האָט געהאַט אַ שטרויה־בלאָנדען קאָפּ. איהר פּנים איז געווען ניט זעהר שען, אָבער . . . מענשליך, פערשטענדיג און אָפען. אַ מעסיגע, פעסטע פיגור מיט קרעפטיגע, פערקיילעכדיגע פאָרמען, און אַ עטוואָס שעלמישער שמייכעל אויף די ליפען. אַלעס און איהר האָט דערצעהלט וועגען עולם הזה, וועגען אַ ביסעל צעלאָזענער, נאָר געזונדער, זאַפטיגער, מענשליכער עולם הזה.

ער — איז געווען שען. דאָס פּנים אידעל און בלאַס, די נאָז לענגליך, און די אויגען שאַרף און ווייטזיכטיג. די דינע, נערוועזע פינגער האָבען שטענדיג געדרעהט און געצויגען די קליינע טינקעלע

וויִנסיִן. דעם איבער־ראָק האָט ער געטראָגען פיִנגאַנדערגעשפּיליעט און דעם קאָלנער פון איהם — אויפגעשטעלט.

אַז זיי האָבען אַרומשפּאַציִערט איבער׳ן דעק, איז זי געהאַנגען איוף זיין אָרם; זענען זיי געזעסען אין אַ וויִנקעל און האָבען געקוקט איוף׳ן ים, האָט זי זיך שטיף געטוליעט צו׳ן איהם, — און אין איהרע איינען האָבען אימער געטאַנצט פרעהליכע פיִנקלעך, און די וויִנקלען פין איהרע ליפּען האָבען געציטערט פון איינגעהאַלטענעם, פערשייטען, לעבענסלוסטיגען געלעכטער. ער פון זיין זייט האָט מיט פערגעניגען נעקיקט אויף איהר אָפּען, שקאָצעוואַטע פּנימ׳על און אָפטמאָל האָט ער איהר געמורמעלט אין אויער אַריין עפּעס אַזעלכע זאַכען, און זי פלעגט פערבייסען איהר אונטערשטע ליפּ, בייסען, בייסען און שליסליך אויסשיִעסען מיט אַזאַ געלעכטער, פון וועלכען אונז אַלע, זייטיגע מענשען, איז געוואָרען פרעהליך אויף׳ן האַרצען.

פאַרנאַכט האָבען זיי געהאַט אַ רגילות צו זיִצען אַ לאַנגע צייט אויף׳ן היִנטערטייל פון שיף, אויף די דיקע שטריק, וואָס זענען דאָרט געליִגען צונויפגעדרעהט אין דער פאָרם פון אַ בייגעל. און כמעט שטענדיג ווען די ווייזענע פאַלדען פונ׳ם אָיוענד׳ס מאַנטעל האָבען זיך געלעגט אויפ׳ן ים און פון אַלע זייטען זענען זיך צונויפגעפלויגען אונבעשטימטע קלאַנגען און האָבען זיך געדרעהט הויך איבער׳ן שיף, אַמאָל צעזעעט און צעשיטערט, אַמאָל פערקניפּט און פערפּלאָנטען אין אַ שטילען, אָבער שטרענגען און פייערליכען קאָהר, — פלעגט ער אויסברעכען אין אַ געזאַנג, און זיינע ליעדער האָבען ווי טראָפּענס געטריפט, ווי שטראָמען געזאָרען, ווי גלעקער געקלונגען. מאָרנע ליעדער זענען דאָס געווען! ווילד און ר״יה זענען זיי געשפּרונגען פון שיף און האָבען זיך געשניטען ווייט אין זעהענד אַריין. אַמאָל האָבען זיי געקלונגען ווי בייז געשפּעט און עזות׳דיג געלעכטער, אַמאָל — געצערטעלט און געקיצעלט, ווי אַ מוטער שפּיעלט זיך מיט איהר פּיצעלע און מאַכט עס צו לאַכען. די פּאַסאַזשירען זענען געוואָרען ווי שטום. איינער, אַ דיקער כוזר, וואָס האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנליכע תאוה צו עפּעל און האָט זיי געגעסען שטענדיג, ווען ער איז נאָר ניט געשלאָפען, — פלעגט בלייבען זיצען מיט׳ן ביסען אין מויל, מיט דערשראָקענע, אויס=

געגלאָצטע אויגען, קענטיג, נישט וויסענדיג וואָס צו טהון מיט׳ן אָנגע־ביסענעם עפּעל אין האַנד. מיר פלעגט ווערען פון די דאָזיגע ליעדער יעהר אונהיימליך. זיי זענען מיר געוועזען שרעקליך פרעמד און האַרציג נאָהענט אין איין און דערזעלבער צייט.

און דאַן פלעגט דאָס שטרויה־האָריגע מיידעל בלייבען שטיל, זיך צונויפקנייטשען, ווערען קלענער, לאַנגזאַם אָבריקען זיך אַ ביסעל פון איהם, און אויף איהר פנים האָבען זיך געמאָלט עלענד און פערלוי־רענהייט. איינמאָל האָט זי אויסגעשריגען מיט אַנגסט: — וואָלט איך האָבען האָטש איין איינציג ליעד מיינס אַן אייגענס! . .

— — — — — — — — — — — — —

די זון האָט געברענט אין הימעל, ווי פריהער, די לופט האָט זיך בעוועגט ווייך און שוואַך, ווי דער אָטהעם פון אַ קינד אין שלאָף, און דאָך איז אויפ׳ן ים געוואָרען קעלטער און קעלטער. געשפּירט האָט זיך, אַז עמיצער געפינט זיך אָט דאָ, ערגעץ גאָר נאָהענט, אַז עמיצער קומט, און זיין נאָהענטקייט האָט אַרויסגערופען אין אַלעמען אַ פערבאָרגענעם שרעק. מיט אַנגסט האָבען מיר אַלע געקוקט אויפ׳ן ים, אויפ׳ן הימעל, איינער אויפ׳ן אַנדערן און ווידער אויפ׳ן ים, און געוואַרט, און געציטערט . . .

דער גרויליגער פּאַסאַזשיר, מיט די בלוילינע, פערטראַכטע אויגען, האָט דערצעהלט:

. . . לאַנגע מאָנאַטען נאָכאַנאַנד האָט גאָט געוויזען זיין שטאַרקע האַנד אין דעם ווייטען צפון. שווער האָט דער ים זיך געראַנגעלט מיט דער קאַלטער, אייזערנער האַנד, וואָס האָט געדריקט זיין מעכטיגע ברוסט. ער האָט זיך געוואָרפען, געדרעהט און געשליידערט און שרעק־ליך אָנגעשטרענגט זיינע אונגעהייערע ביינער און מוסקעלען, — און אַזוי איז ער פערגליווערט געוואָרען אין זיין גרויסער אָנשטרענגונג, מיט אומגעלומפערט אויסגעבויגענע און צעוואָרפענע גליעדער, מיט׳ן שטעמ־פּעל פון טויטשרעק און מורא׳דיגער גסיסה אויף זיין געזיכט. אונטער׳ן

מיטען אָבשײַן פון פערפרוירענעם הימעל האָבען זיך געצײגען אין אַלע זײַטען פון דער וועלט צעבראָכענע, שאַרף-געשניטענע בערג און טיעפע טאָלען, און בײזע ווינטען האָבען געפײַפט צווישען זײ ווײערע טײַוועלשע לידער און געשטיסען איבער זײ מיט וואָלקענס שטעכיגע שניי-נאָדלען. בײַ די נעכט האָט אַ פײַעריגע האַנד זיך געהויבען פון צפון-זײַט, געשטיגען ביז'ן זעניט, פערדעקט אַ האַלבען הימעל מיט איהר פאַנטאַסטישען גלאַנץ, און איהרע ריזיגע פינגער האָבען זיך שטיל און לאַנגזאַם בעוועגט אין ווי „גע'הולכ'ט" איבער דער פערשטאַרבענער וועלט... צײַטענווײַז האָבען די ווינטען און שטורמען זיך פערשטעקט צווישען די אײַזבערג און זענען פערשטומט געוואָרען אויף אַ ווײַלע, און דאַן איז די שווײַגעניש געווען גרויס, שרעקליך גרויס, די לופט שאַרף און אונבעוועגליך, ווי שטײן, און נאָר גאָט אַלײן האָט אין שטאָלצער אײַנזאַמקײט געקוקט און געקוקט אויף די וועלט-מדבר.

שען אין מיראַ'דיג האָט גאָט געווײַזען זײַן האַנד איבער'ן ווײַטען צפון.

דער אַלטער, פעראיסטערטער ווײַסער בער, אַ סעלטענער עקזעמפּליאַר פון זײַן סעלטענען מין, וועלכער האָט שוין געזעהען אַ ביסעל גאָט'ס גרימצאָרן אויף זײַן וועלט, האָט דעם דאָזיגען ווינטער במעט אינגאַנצען פערבראַכט אין זײַן הײהל פון שניי און אײַז. מיט יעדען טאָג זענען די פּאַסען שמאַלץ אונטער זײַן פעל געוואָרען דינער און דינער. אַ שווערער דרימעל האָט געלעהמט זײַנע גלידער און אָנגעגאָסען זײַן קאָפּ מיט בלײַ. ער האָט אונקלאָר געהערט, ווי דער ווינד מיט'ן שניי פײַפען און קלאָגען צווישען די הויכע אײַזבערג, און צײַטענווײַז האָט די פײַפערײַ דערגרײכט צו אַזאַ פערביטערטער שאַרפקײַט, אַז דער שלאָפענדער בער האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטען זײַנע געפיהלען און האָט אַרויסגעלאָזען דורכ'ן שלאָף עפּעס אַ מין שנאָרכלענדען ברום, און נאָכדעם איז ער ווײַדער שווער זיך פערגאַנגען אין זײַן ווי פער'שכור'טען דרימעל. ענדליך, האָט ער זיך דערפיהלט אַזוי שוואַך, אַז ער האָט שוין אפילו דרימלען נישט געקאָנט, און זײַנע אויגען האָבען זיך געעפענט פון זיך זעלבסט, און אַ לאַנגע צײַט האָבען זײ שטומפּיג געקוקט דורך די עפענונג פון זײַן הײהל אויף די אונגעהײַערע הויפענס שניי, וואָס זענען צעזעעט געווען

אַרום, ווי קבֿרים פֿון ריזען. דערנאָך האָט ער פּאָרזיכטיג אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און אַ ריהר געטהון מיט איינעם פֿון זיינע פֿעדערשטע פֿיס. דאַן האָט ער זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבען צו רוקען און איז אַרויסגעקראָכען פֿון זיין הײל, אַן אָבגעקראָכענער און צעשויבערטער, אַ בעוועגליכער זאַק מיט ביינער.

עפּעס אַיינס האָט זיך געטהון, נאָר וואָס — האָט ער ניט פֿערשטאַנען. עס איז געווען ליכטיג, צו ליכטיג, עס האָבען געוועהט ווינטען, ערגעץ האָט עפּעס אונטערגעקנאַקט, און אונטער די פֿיס האָט עס געציטערט. ער האָט זיך געמאַכט פֿון דעם אַלעם גאַנץ ווייניג און האָט גענומען בלאָנקען זיך איבער׳ן אייז, האָט געגראַבעלט ערטערווייז אין שניי און עפּעס געזוכט. ער האָט גאָרנישט געפֿונען, און אַז עס איז געוואָרען פֿינסטער, האָט ער ווידער איינגעדרימעלט. ווען ער האָט ערוואַכט, איז ווידער געווען ליכטיג, ער האָט ווידער עפּעס געזוכט און, ווי פֿריהער, גאָרנישט געפֿונען. דאָס מאָל איז ער געוואָרען בייז און האָט גאַנץ לאַנג געברומט, סתם אין די וועלט אַריין. די צווייטע נאַכט האָט עס שטאַרק געקנאַקט, אַלעס האָט זיך ווי געשאָקעלט און געדרעהט, און דער בער איז אין שלאָף געווען זעהר אונרוהיג. צו׳ם טאָג איז געוואָרען רוהיגער. ער איז אַרויס פֿון דער הײל און האָט זיך אַוועקגעלאָזען זוכען עסען, נאָר אָבגעהענדיג אַ קורצע שטרעקע, איז ער געקומען צו אַ וואַסער. ער האָט אַ שמעק געטהון מיט דער נאָז, האָט זיך אָבגעקעהרט אין אַ זייט און איז ווידער געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז געקומען צו אַ וואַסער. פֿיעל מאָל האָט ער גענומען אַן אַנדער ריכטונג, אָבער וואוהין ער האָט זיך געווענדעט, האָט ער ווידער בעגעגענט וואַסער. זיין הײל האָט זיך געפֿונען ביי׳ם פֿוס פֿון אַ גאַנץ הויכען שניי־באַרג. איף דעם דאָזיגען באַרג האָט דער בער אַרויפֿגעקלעטערט און זיך צוגעזעצט איף די הינטערשטע פֿיס, דול און צעטומעלט. פֿון דאַנען האָט ער געזעהען, אַז זיין מלוכה איז גענוג קליין און אַרום איהם בלויעט וואַסער און וואַסער. אין דער ווייטענס זענען געשוואומען נאַקעטע, ווייסע אייזבערג אין האָבען בלענד און שטעכיג געברענט געגען דער זון. דער בער האָט ניט פֿערשטאַנען, לחלוטין גאָרנישט פֿערשטאַנען. ער האָט אויפֿגעהויבען אַ לאַפּע און אַרויסגעלאָזען אַ לאַנגען, דערשראָקענעם און קלאָגענדיגען ברום, ברייט און פֿערדימפּפֿען, ווי

פון אַ פּוסטער פּאַס . . .

. . . טעג און וואָכען איז דער אײַזבאַרג געשוואומען אַלץ ווײַטער און ווײַטער. פון ים צו ים וואַנדערט ער, פון וואַסער צו וואַסער, און מיט יעדען טריט דערנעהערט ער זיך לאַנגזאַם און זיכער — צו זײַן אײגע-נעם טויט. נישט אײנמאָל פערליערט ער פּלוצים זײַן גלײַכגעוויכט און קערט זיך איבער, און דאַן ענטפּלעקען זיך אין זײַנע ריזיגע קערפּער טיפע, צעגעסענע וואונדען. דער שנײ איז שוין לאַנג פון איהם אַראָב. יעצט בעשטעהט ער פון רײנעם, לויטערן, דורכזיכטיגען אײַז, ערטער-ווײַז פערוואַשען און פערקײַלעכדיגט, ערטערווײַז — שאַרף און שפּיציג, ווי אַ גאָלמעסער. ער נעהט, און זײַן קאַלטער אָטהעם געהט פאַר׳איים און דערצעהלט וועגען זײַן קומען . . . ער נעהט — און דערצעהלט אויף שטום-לשון, וואָס פאַר אַ שרעקליכער ווינטער עס איז געווען אין ווײַטען צפון, ווי שווער געשמידט דער ים איז געווען, און ווי עלענד נאָך איז אין יענע מקומות . . .

— — — — — — — — — — — — —

אַלע זענען געווען אויפ׳ן דעק. אַלע האָבען זיך צונויפגעשלאָגען אויפ׳ן דעק און האָבען געשיקט זײערע אָנגעשטרענגטע בליקען אין ים אַרײַן, אויף וועלכען מ׳האָט נאָך דערווײַלע גאָרנישט געזעהען. פון ווײַטען האָב איך בעמערקט מײַן יונג פּאָרל און האָב זיך צוגערוקט נעהנטער צו זײ. ער איז געשטאַנען אין זײַן פאַנאַנדערגעשפּליטען ראָק מיט׳ן אויפ-געשטעלטען קאָלנער, זעהר בלאַס, בלאַסער ווי שטענדיג. זי — נעבען איהם. אויף איהרע אַקסלען איז געלעגען אַ וואַרעמע שאַל, און אויף איהר נישט גרויסען שטערן האָט געהויערט אַ וואָלקען, ווי אַ פאָרגעפיהל פון עפּעס בײזעס, וואָס רוהט זיך אָן אויף איהר קאָפּ. ער האָט געקוקט אויפ׳ן ים, און זי — אויף איהם.

רעכטס בײַ׳ם האָריזאָנט האָט זיך פּלוצים אַרויסגעשטעקט פון וואַסער אַ גליהענדער גאָלדענער שטרײַף, ווי אַ בלאַנקער שווערד, האָט זיך אַרײַנגעשטאָכען אין הימעל, האָט זיך איבערגעדרעהט און איז מאָמענטאַל פערלאָשען געוואָרען. עטליכע סעקונדען זענען פאַרבײַ; דער

עולם אויפ'ן שיף האט נישט געטהעמט. און ווידער האט עס א פינקעל געטהון אין דער וויטען. דאס מאל איז א שארפער שפיץ געשליידערט געווארען ארויף, און באלד נאך איהם א צווייטער און א דריטער. אין א מינוט ארום האט זיך דער גאנצער אייזבארג שארף אבגעצייכענט אויפ'ן ים, ברענענדיג אין איין העלישען פייער. די זון האט געמאכט אויף איהם א שטירמישען אנפאל און האט איהם בעשאסען מיט דינע, לאנגע און הייסע פיילען. ער האט זיי געצויגען פון זיינע וואונדען, געבראכען זיי אויף שטיקלעך און שוין אבגעקיהלטע, הגם פינקלענדע, געשמיסען זיי צוריק איהר אין פנים אריין. שטום און פערביסען איז אנגעגאנגען די שלאכט אויף לעבען און טויט. דער בארג האט זיך לאנגזאם געדרעהט ארום זיך און געוויזען אלע זיינע באטארעען. ער איז געגאנגען געגען זיין טויט אין קאלטען, שטאלצען און שטראהלענדען עלענד, אין וועלכען ער איז געבוירען געווארען דארט, אין וויטען צפון.

ער איז פארבייגעשוואומען ביי א זייט און האט ביסלעכווייז אנגעהויבען צו פערשווינדען. און דאן איז מיין בליק ווידער געפאלען אויף דאס יונגע פאר. זי איז געשטאנען אליין, מיט אויסגעשטרעקטע הענד און ציטערנדע ליפען, און מיט טרערענפולע אויגען האט זי געקוקט צו איהם. ער איז געשטאנען ניט וויט פון איהר, מיט פינקלענדע אויגען, וועלכע ער האט דארשטיג און אונענטשלאסען געווענדעט — אמאל צו'ם פערשוואונדענעם בארג, אמאל צו'ם היימליכען, נאהענטען געזיכט פון זיין געליעבטער.

# העלשטערן

מיר האָט זיך געדאַכט — יאָהרען זיינען פאַרביי, זייט מיר האָבען דעם ברעג פערלאָזען, און אונזער שיף איז נאָך אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען, און ווי עס האָט נאָך זיך ניט געלאָזען קיין שפור, אַזוי האָט עס, דוכט זיך, ניט געהאַט קיין צוועק. יעדען טאָג מיטאָגס'צייט האָט מען אַרויסגעהאָנגען אַ קאַרטע, וואָס האָט געוויזען, וויפיעל מיר זענען אָבגעפאָהרען און וויפיעל עס איז נאָך געבליעבען צו פאָהרען, אָבער ביסלעכווייז האָבען מיר איפגעהערט צו אינטערעסירען זיך מיט דער קאַרטע: אַרום און אַרום איז געווען וואַסער און וואַסער, וואַסער און וואַסער, טאָג איין, טאָג אויס, און עס האָט זיך פיעל בעסער געלעגט איפ'ן געדאַנק, אַז אונזער שיף דרעהט זיך אַרום זיך זעלבסט, געהט נישט ווייטער און געהט-איין נישט מעהר ווי אַ זייגער. פּראָזאַאיקער, וועמען דער עסק האָט זיך צוגעגעסען, האָבען געטרונקען ביער און געשאָלטען די ענדלאָזע רייזע איף וואָס די וועלט שטעהט. דאָס וועטער אפילו האָט זיך איינגעשטעלט: קיין שטורם, קיין נעבעל, העלע טעג, בלויע נעכט, אַ פרישע ווינטעל — און קיינע ענדערונגען.

און דאַן האָבען מיר אָנגעהויבען צו פיהלען, אַז ערשט יעצט

בעקענען מיר זיך מיט׳ן ים. פון אונטער דער דאָזיגער איינאַרטיגקייט האָט אונז די אייביגקייט פלוצים צוגעוואָרפען אַ בליק מיט איין אויג, און אַ חשד האָט ביי אונז ערוואַכט, אַז אַזעלכער, פונקט אַזעלכער, איז דער ים געווען מיט טויזענדער און מיליאָנען יאָהרען צוריק, טאָג נאָך טאָג, יאָהר נאָך יאָהר און יאָהרהונדערט נאָך יאָהרהונדערט. און אַן אומעט האָט אָנגעפילט אונזערע הערצער, און קיינער פון אונז האָט ניט געוואוסט, וואָס איז די אורזאַך דערפון: די אייביגקייט פון ים אָדער די קורצקייט פון אונזער לעבען.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי קינדער פון אַנדערע פעלקער טרוימען וועגען דעם ים. מעגליך, אַז זיי חלומ׳ען זיך שרעקליכע גייסטער, ים־שלאַנגען, וואַסער־מיידלעך — די רעכטע נקבות, וואָס גאָט זאָל אָפּהיטען פון זיי יעדען טרייען גלויביגען. צווישען אונז גערעדט, זענען זיי אַלע — גאַנץ אונשולדיגע בעשעפעניסען. אין ערגסטען פאַל, קאָן מען פון זיי ערוואַרטען, זיי זאָלען אַמאָל אַריינחאַפּען אין זייערע קריסטאַלענע פּאַלאַצען אויפ׳ן גרונד פון ים עפּעס אַ שענעם, בלאָנדען פישער, וואָס האָט אַ שיאַב־הייט צו פרויען־געזאַנג, און זיין יונג ווייבעל זאָל זיך נעבעך אויסוויינען די אויגען, זיצענדיג ביי׳ם שפּינדעל און אויסקוקענדיג אויף איהר האַרצענס־געליבטען. — ביי מיר אָבער געהט פון גערעדאַנק נישט אַרויס יענע האַק, וואָס איז אַריינגעפאַלען אין ים מיט טויזענד יאָהר פאַר רבה בר בר חנה׳ס צייטען און איז אין זיין צייט נאָך אַלץ צו גרונד נישט געקומען. פאַרהאַן אַ סברא, אַז דאָס איז נישט געשעהען נאָך ביז היינטיגען טאָג, און ווען איך שטעל מיר פאָר, אַז די האַק „פאַלט“ נאָך ערגעץ פייל אויס׳ן בויגען און קאָן נישט דערפאַלען, — געהט מיר איבער אַ קעלט איבער׳ן לייב . . .

וואויל איז דעם געלעהרטען! ערשטענס, ווייסט ער אַלעס און, צווייטענס, ווייסט ער, וואָס דער ים איז. דער ים איז — וואַסער. וואַסער, און מעהר גאָרנישט. אַז מיר האָבען אַ גלאָז, וואָס ענטהאַלט אַזויפיעל און אַזויפיעל קוביסע סאַנטימעטער וואַסער, איז אונז לייכט אויסצורעכנען, פון וויפיעל אַזעלכע גלעזער וואַסער „קאָן מען מאַכען“ אַן אָקעאַן. בין איך אָבער נישט קיין געלעהרטער, און מיר חלומ׳ט זיך אַלץ, אַז ווען דער רבונו של עולם בלייבט איבער אַליין, פנים אל פנים,

מיט זיין גרויסער בעשעפעניש; ווען קיין איינציג מענשליך אויג, אַ פּשיטא שוין קיין אויג פון אַ געלעהרטען, שוועבט נישט איבער די ברייטע וואסער-פעלדער, — פאַלט ער, כביכול, ביז זיך אַראָב פאַר דעם, וואָס ער אַליין האָט בעשאַפען. און אַזוי קוקען זיי ביידע, דער בעשעפער און זיין בעשעפעניש, איינער אויפ'ן אַנדערען און שווייגען, און דאָס קיל פון זייער שווייגען גערט פון איין עק וועלט ביז'ן צווייטען. אַזוי ציהט זיך עס ביז — ביז עס קומט אַ שטאַרקערער פון זיי ביידען: דער געלעהרטער מיט זיין כלי פון אַוויפעל און אַוויפעל פאַנטאַזיע־ אומפאַנג. — — — —

— — — און אַזוי איז נאָך אַ מאָל, צווישען אַלע אַנדערע מאָל, געוואָרען נאַכט, און דער ים האָט שימערירט אונטער דער שיין פון די שטערען.

אויפ'ן אויבערדעק פון שיף, אין אַ ווינקעל, האָב איך דערזעהען מיין שכן, דעם פּאַסאַזשיר מיט די ברייטע אַקסלען, גרוילבע האָר און בלויע אויגען. ער איז געלעגען אויף אַ וועגעל, וואָס איז געווען אויס־ געשפּרייט איבער'ן דעק, און האָט געקוקט אין הימעל אַריין. צוגעלייגט זיך צו איהם, האָב איך בעמערקט אויף זיין פּנים אַ שמייכעל. אויף מיין פראַגע, האָט ער אַ ווײַלע געשוויגען, דערנאָך גלײַכגילטיג געזאָגט:

— אויב איהר ווילט, וועל איך דערצעהלען.

— — — — — — — — — — — — —

. . . דאָס שאַרפע שרייענדע ליכט האָט ענדליך אָבגעפלאַסען פון דער ערד. ערטערווייז, ערגעץ אויף אַ שפּיץ פון אַ באַרג אָדער אויף אַ געקרייזעלטען קאָפּ פון אַ בוים, האָט זיך נאָך פערהאַלטען אַ קורצע צייט אַ שוואַכער, רויטליכער גלאַנץ, נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך געטונקעלט, זיך געלאָשען און איז זיי איבערגעהויכט געוואָרען אין די ליפּען אַריין. די אונענדליכקייט איז צוגעטראָטען נעהנטער און האָט שטיל אַרייַנגענומען די ערד אין איהר שויס. עס איז געבוירען געוואָרען דער

מאָמענט , ווען מענשען זאָגען : די נאַכט איז געקומען .

אין דער ווירקליכקייט איז קיין זאַך ניט געקומען ; עס איז בלויז עפּעס איועקגעגאַנגען . די אויגען־רייסענדע זון , מיט איהר שטראַהלען־מאַראַראַם און פאַרבען־געפילדער , פערטריבט און פערבלענדעט די ערד און פערשטעלט פון איהר די אונענדליכקייט . ביי דער שיין פון טאָג קריכט יעדע קליינינקייט אויף דער ערד ברייטליך פאָר'אויס , שפּרינגט מיט דער הוצפּה פון אַ הדיוט אין פּנים אַריין , און אייך דאַכט זיך — עפּעס אַן אָנשיקעניש טאַנצט פאַר אייערע אויגען , קלאַפּט זיך אין האַרצען , שלעפּט אייך פאַר די לאַצען , און אַן איינגעגעסענע שטימע גרילצט אייך אין די אויערען מיט שבועות און הרמות : „איך . . . הערט איהר ? . , ווי איהר זעהט מיך לעבען ! . . איך . . . לאָזט זיך דינען ! . . ״ מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג יאָגט זיך דער געדאַנק נאָך עפּעס אַזוינס זעהר וויכטיגעס , זעהר נאָהענטעס , וואָס דאָס איז גאָר דער עיקר , און וועלכעס גליטשט זיך פאָרט איועק יעדעס מאָל , פערטריבען פון דער שיין און געפילדער וואָס אַרום . ווי אַן אומגעריכטער שטורם פאַלט דער טאָג אַרויף אויף די ערד , טרייסעלט זי דורך , צעדולט זי , צעמישט זי — און ווערט פערשוואונדען . דאַן פליהען זיך צוזאַמען פון אַלע עקען פון דער וועלט שאָטענס , שטילע , טונקעלע שאָטענס , און לעגען זיך אויף די ערד געדיכט און געדיכטער . די לצים און קליפּות פון'ם טאָג ווערען נעלם , די ערד קומט ביסלעכווייז צו זיך און צו איהר נאָרמאַלען צושטאַנד , און פערנעהמט איהר פּלאַץ אין'ם וועלטרוים , אין דער בלויער אונענדליכקייט . און מענשען זאָגען : די נאַכט איז געקומען .

און ווידער — צו'ם וויפיעלטען מאָל ? . . — זענען אויפ'ן הימעל אַרויסגעטראָטען די שטערען און האָבען זיך גענומען צו זייער עובדא : צו קוקען , בלויז קוקען . . . מאַנכע האָבען געקוקט גלייך אויף די ערד , ווי זי וואָלט ווירקליך זיין דער מיטעלפּונקט פון דער וועלט , אַנדערע — איינער אויפ'ן צווייטען , און די דריטע — פאַרביי און פאַרביי , אַהין , וואוהין מיין און אייער אויג וועלען קיינמאָל נישט גרייכען , וואו דער עלענד איז אַם גרעסטען און וואו אַלעס איז אַנדערש ווי איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען . און בלויז איין שטערן איז געווען אַזעלכער , וואָס האָט געשיקט זיינע בליקען איבעראַל אין איין און דערזעלבער צייט : צו דער

ערד, צו זיינע ברידער די שטערען און איך ווייס אהין, וויאזוי מיין און אייער אויג וועלען קיינמאָל, קיינמאָל נישט דערגרייכען. און דער איינער איז געווען „העלשטערן“.

זיין נאָמען האָט ער געקראָגען פאַר זיין לייטערן גרין־בלייכען בליק. געווען איז ער ניט פון די גרעסטע, ווי איך ניט פון די קלענסטע, אָבער קיינער פון זיינע ברידער האָט ניט פערמאָגט אַזאַ טיפען בליק, וועלכער האָט, דוכט זיך, געזאָגט: „אַ שען ביסעל זאַכען האָב איך עס געזעהען, זייט איך שטעה אָט דאָ און קוק!“ ער האָט געזעהען, ווען די ערד איז נאָך נישט געווען, ווען זי איז געוואָרען און ווי אַזוי זי איז געוואָרען. ער האָט געזעהען, ווען אויף דער ערד איז נאָך ניט געווען ניט וועך עס זאָל זעהן, ניט וואָס צו זעהן. זיין גרינער בליק איז געזונקען אין ס'פייער פון דעם נאָר וואָס געבוירענעם פלאַנעט, האָט זיך שפעטער געבראָכען אין מיליאָנען פונקען אויף די אונגעהייערע אייזפעלדער פון דער ערד'ס אָבגעקיהלטער שאָל, האָט איין יאָהרטויזענד נאָכ'ן צווייטען נאָכגעפאָלגט די אַלע ענדערונגען, וואָס זי איז איבערגעשטאַנען, איידער אויף איהר האָט זיך בעוויזען „לעבען“, ווי איך דאַן, ווען דאָס האָט זיך בעוויזען און זיך גענומען ענטוויקלען. און ווען דער ערשטער מענש אויף דער ערד אין זיין ערשטער נאַכט האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו'ם הימעל, האָט ער גלייך בעגעגענט דעם טיפען בליק פון אַן אַלטען, אַלטען שטערן — און איז געבליבען שטעהן דערשראָקען און פערשטיינערט. דורך דעם בליק האָט דער שטערן דערצעהלט, וואָס ער האָט געזעהען אויף דער ערד, פאַר דער ערד און איבער דער ערד...

דער דאָזיגער ערשטער בליק האָט אַ בריה געטהון דעם מענשען'ס נשמה און האָט אָנגעצונדען אַ פייער אין איהר, אַ געפיהל פון שאַרפער בענקשאַפט אהין, וואו דער עלענד איז אַם גרעסטען און וואו אַלעס איז זעהר, זעהר אַנדערש. אַ רויהער, ווילדער און דאָך האַרמאָנישער איבערגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין ברוסט. העלשטערן'ס בליק האָט געפונען אַ תּקון: ער האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ שירה, וועלכער עס איז בעשערט פערשטומט צו ווערען און צו פערשווינדען פון דער ערד ערשט צוזאַמען מיט'ן מענשען.

און אַזוי האָט העלשטערן'ס שטראַהלענדער בליק גענומען בעגלייטען

מיט דעם מענשען , יעהרענד דער לעצטער האט געבויט זיין לעבען אויף דער ערד . מוטיגע ים־רייזענדע , פיהרענדיג זייערע שיפען איבער טיע־פע וואסערען , האבען געזוכט און געפונען זייער וועג מיט דער הילף פון די שטערען בכלל און פון העלשטערן בפרט . פערליבטע האבען גע־שיקט צו איהם זייערע זיפצען און דעם אראמאט פון זייער יוגענד , פאָ־עטען האבען איהם געשאנקען יעדען ציטער פון זייער נשמה אין טענער , פארבען און שטריכען . און דער שטערן האט דאס אלעס איינגעזאפט אין זיך און צוריקגעגעבען עס די נאכקומענדע דורות , און פאר יעדען נייעם דור איז אלין רייכער און טיפער געווארען דער אינהאלט פון זיין בליק . און פיעלע שטערענזעהער פון פיעלע דורות האבען פערבראכט זייערע נעכט קוקענדיג אויף העלשטערן דורך זייערע גלעזער און שטודי־רענדיג זיין פערגאנגענהייט , געגענווארט און צוקונפט . און אויסגעפונען האבען זיי וואונדערליבע זאכען : ער איז דער גרעסטער פון אלע שטערען און דער ווייטסטער פון דער ערד, און דאס האבען זיי בעוויזען ווי צוויי מאל צוויי , מיט דער הילף פון א לאנגער רייהע פערפלאנטערטע אויס־רעכנונגען . זיי האבען אויסגערעכענט זיין וואג , זיין גרויס , זיין וועג אין דעם וועלטרוים , די שטאפען , פון וועלכע ער איז צוזאמענגעשטעלט , און זיין ווייטקייט פון אונזער ערד . און דאס לעצטע איז געווען דאס וואונדערבארסטע : ער איז געווען אזוי ווייט , דאס זיינער א שטראהל האט פערבראכט אין וועג פונקט 9,347,657,000 יאהר , 52 טעג, 18 שטונדען , 49 מינוטען און 22⅓ סעקונדע , איידער ער האט געגרייכט די ערד . אזוי האבען די געלעהרטע בעוויזען , און א פראסטער בשר־ודם האט געשטוינט — פאר זייער חכמה און פון גאט'ס וואונ־דער , — — —

— — — און אט אין יענעם אווענד , פון וועלכען איך דער־צעהל אייך דא , זענען געזעסען — אין א לאנד , אין א שטאדט , אין א גארטען, אויף א באנק — א יונגער בחור מיט א שען מיידעל און האבען געקוקט אויף העלשטערן . און אלע האבען געוואוסט — און פאר וואס זאלען מיר אויך ניט וויסען ? — וואס עס בעטייט , ווען א בחור מיט א מיידעל קוקען אויף העלשטערן . ערשט דעם אוייענד האבען זיי זיך בעקענט , און האבען גערעדט וועגען קליידער און ביכער , וועגען גאט און דער וועלט , און ווען זיי האבען אלעס אבגערעדט ,

זענען זיי אַנטשוויגען געוואָרען . און דאָ האָבען זיי דערפיהלט , אַז עס זייגט בײַ׳ם האַרצען , און זייערע אויגען האָבען זיך געווענדעט צו העלשטערן , און אַ לאַנגע צײַט האָבען זיי שווייגענדיג געטרונקען זיין טיעפען גרין־גאָלדענעם בליק .

און פלוצים האָט דער בחור אַ רײַב געטהון מיט דער האַנד זיינע אויגען , האָט איבערגעפיהרט זיין בליק אויף דאָס מיידעל און צוריק אויפ׳ן הימעל . און דאָס מיידעל האָט דורכגעריבען איהרע אויגען און האָט אַ קוק געטהון אויפ׳ן בחור און צוריק אויפ׳ן הימעל . דערנאָך זענען זיי ביידע אויפגעשטאַנען פון דער באַנק , פערוואונדערטע און אַ ביסעל דערשראָקענע .

פאַר זיי אין די אויגען איז העלשטערן פלוצים פערשוואונדען געוואָרען . ער האָט זיך אויסגעלאָשען , ווי אַ ליכט .

ווען דער בחור מיט׳ן מיידעל האָבען זיך געזעגענט ביי דער טיר פון איהר וואָהנונג , האָט זי אַ געניץ געטהון , טראַכטענדיג , אַז בעת׳ן רעדען שפריצט ער פון מויל , און דער בחור האָט אין האַרצען געלעס־טערט גאָט , דערפאַר וואָס איהר פעהלט איין אויבערשטער צאָהן , דערצו נאָך גאַנץ פון פאָרענט .

אויף מאָרגען האָט מען געשריבען אין אַלע צײַטונגען איבער דער גאַנצער וועלט וועגען העלשטערן׳ס פלוצלינגען פערשווינדען . דער־נאָך האָבען עס די געלעהרטע גענומען אין זייערע הענד .

די ערשטע השערה , וואָס אַ בעריהמטהײַט האָט אַרויסגעזאָגט , איז בעשטאַנען דערין , דאָס העלשטערן איז געשטאָרבען אַ נאַטירליכען טויט : ער האָט זיך אָבגעקיהלט און איז פערלאָשען געוואָרען , „אָט ווי עס וועט אַמאָל פערלאָשען ווערען די זון פון אונזער סיסטעם” . . . און איהר וואָלט זיך געמעגט פערגינען זעהען , מיט וואָס פאַר אַ גיפט און שאַרפזין אַ קאָלעגע פון אַן אַנדער לאַנד , אויך אַ בעריהמטהײַט , האָט בעוויזען דעם ערשטענ׳ס עם־הארצות : אפילו אַ קינד קאָן פערשטעהן , אַז אַ נאַטירליכער טויט קומט נישט פאָר אָט אַזוי פלוצים , אַז ווען די

השערה וואָלט געהאַט אין זיך האָטש אַ שאָטען פון וואַהרשיינליכקייט, וואָלט מען שוין לאַנג בעדאַרפט מערקען, אַז הימעלשטערן ווערט טונקעלער און טונקעלער. צו'ם סוף האָט דער קאָלעגע אַרויסגעשטעלט זיין אייגענע היפאָטעזע: אַ גראַנדיעזע קאַטאַסטראָפע אין'ם וועלטרוים, אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי סיסטעמען, און אַלס רעזולטאַט — די פערניכטונג פון איינעם אָדער פון ביידען.

קומט צו געהן אַ דריטער וויסענשאַפטסמאַן און גיעט צו פערשטעהן קלאָר, ווי דער טאָג, אַז אַזאַ סאָרט קאַטאַסטראָפע וואָלט אַרויסגערופען אַ גאַנצע רייהע ערשיינונגען אויפ'ן הימעל: פאַלענדע שטערן, וואַנדערנדע קאָמעטען, צעזעצטע און פערוואָגעלטע שטיקער פון די חריב געוואָרענע וועלטען. ניין. די זאַך מוז און קאָן ערקלערט ווערען וויסענשאַפטליך גאַנץ אַנדערש...

דער ענין איז געוואָרען האַרבער און פערפלאָנטערטער. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אונזער געוויסע וויסענשאַפטליכע טעאָריעס וואַקעלט זיך דער באָדען, און זייערע געגנער אין אָנהענגער זענען אַרויס איינע געגען די צווייטע מיט אָנגעגורטע לענדען. דער יכוח איז ביסלעכווייז אָבגעצויגען געוואָרען פון הימעלשטערן גאָר אין אַ זייט. אמת, דעם פראָסטען בשר־ודם, וואָס איז ווייט פון וויסענשאַפט, איז די מעשה געווען נאָך אַ ביסעל פריקרע: מתי מוטל לפניו, אַ מת, וואָס האָט אַזוי פיעל גענומען און אַזוי פיעל געגעבען, — האָט דאָס האַרץ מאַכט וועה געטהון... אָבער — עס זיינען פאַרהאַן נאָך אַנדערע שטערען, נישט ווענינגער אַלט, נישט ווענינגער בכבוד'יג, און, כ'מיין — וואָס זאָל מען טהון?

מ'האָט אָנגעהויבען פערגעסען.

דאַרף זיך מאַכען, אַז ערגעץ אין אַ מיטעלער פראָווינציעלער שטאָדט זאָל זיך געפינען אַ גימנאַזיסט, וואָס איז שוין פון דער התחלה אייעקגעגאַנגען אויף אַ שלעכטען וועג; דהיינו: דער חברה'מאַן לערנט ניט, טהוט אָב שפיצלעך די לעהרער פון דער גימנאַזיע, טרינקט ביער ווי אַ דייטש, און די דערוואַקסענע גימנאַזיסטקעס האָבען פון איהם,

ווי זיי פערזיבעטען , „אָבגעשניטענע יאָהרען״ . געהט זיך דער בחור איינמאָל ביינאַכט איבער דער גאַס , געהט און שאָקעלט זיך , און מאַכט מיט די הענד, און רעדט צו זיך אַליין , איסוועצענדיג און שענער , ריהרענדער מליצה אַ פּראָטעסט פון אַ פערזיאונדעטען הארצען געגען דער האַרציאָזער קעלטער פּנים׳ם שעכקעל , ווינלבעס ער האָט נאָר וואָס פערלאָזען . דערמאָנט ער זיך פּלוצים — נאָט ווייסט ווי אַרום — אָן העלשטערן , אָן זיין אונערוואַרטעטען סוף , זיין לאַנגע, רייכע קאַריערע , זיין גרוים , זיין ווייטקייט פון דער ערד . . . „9,347,657,000 יאָהר , 52 טעג , 18 שטונדען , 49 מינוטען און 22 מיט אַ האַלבער סעקונדע ! . . .״ מורמעלט ער פאַר זיך מיט ענטציקונג און צערטליכקייט , הגם איך בין נישט זיכער , אַז און זיין שכור׳ן מח זענען די ציפערען נישט אַריים־געקומען אַ ביסעל פערפּלאָנטערט . „העלער ניין מיליאַרד יאָהרען פּלעגט דויערן , ביז זיינער אַ שטראַהל איז אָנגעקומען צו אונזער ערד . . . ניין מיליאַרד . . . אַ שטראַהל . . . ניין מיל . . .״ דער גימנאַזיסט איז פּלוצים געבליעבען שטעהן אין מיטען גאַס . אין איין רגע איז ער גע־וואָרען ניכטער , און יעהרענד זיין קערפּער האָט געציטערט פון קעלט, האָט ער מיט זיין האַנד געווישט דעם שווייס פון שטערן . דערנאָך איז ער צוגעלאָפען צו אַ גאַסען־לאַמטערן , האָט אַרויסגעהאַפּט אַ נאָטיץ־ביכעל און אַ בליישטיפט און האָט גענומען שרייבען , און זיינע הענד האָבען זיך דערביי געטרייסעלט , ווי און אַ קדחת .

אויף מאָרגען האָט זיך בעוויעזען אין דער שטאָדטישער צייטונג אַ קליינע בעמערקונג , געדרוקט אָנשטאָט אַ לייטאַרטיקעל און מיט שוואַר־צער שריפט :

„ די וויסענשאַפט איז יעצט שטאַרק בעשעפטיגט מיט ערקלערען די אורזאַך פון העלשטערן׳ס פערשווינדען פון אונזער הימעל . מיר ווילען דאָ מאַכען דעם עולם אויפמערקזאַם אויף אַן אַנדער זייט פון דיעזער וועלט־פּאַסירונג . דיזעלבע וויסענשאַפט האָט אויסגערעכענט און בעוויע־זען , אַז די שטראַהלען פון העלשטערן פערברענגען אין וועג צו דער ערד 9,347,657,000 יאָהר , 52 טעג , 18 שטונדען , 49 מינוטען און 22 מיט אַ האַלבער סעקונדע . דאָס הייסט , אַז דער לעצטער שטראַהל זיינער האָט פערלאָזען דעם שטערן צוריק מיט העלער ניין מיליאַרד

יאָהרען. דאָס הייסט, אַז העלשטערן איז טיט שוין העכער ניין מיליאַרד יאָהרען, נאָך איידער דער מענש האָט זיך בעוויזען אויף דער ערד, נאָך איידער, פיעלייכט, די ערד האָט עקזיסטירט. דאָס הייסט, ווייטער... אָבער די ווייטערע בעדייטונג פון דעם דאָזיגען פאַקט איז שוין קלאָר פאַר אַלעמען...

די דאָזיגע בעמערקונג איז איבערגעלאָפען די גאַנצע וועלט. — —

— — — אין יענעם יאָהר האָבען פּאַסירט אַ סך אונגליקען אויפ׳ן ים.

איין קאַפּיטאַן, פיהרענדיג זיין שיף ביי דער שיין פון אויסגעשטערנטען הימעל, האָט זיך פּלוצים אַ חאַפּ געטהון פאַר׳ן קאָפּ, האָט אַ קוק געטהון אַרויף, צו די רוהיג שימערירענדע שטערען, מיט אונצוטרויאון פערבאָרגענעם שרעק—און האָט אָנגעהויבען צו געבען פערשיעדענע און ווידער־שפּרעכענדע בעפעהלען צו די מאַטראָזען, וואָס זענען געשטאַנען ביי׳ם רעדעל. ביז היינטיגען טאָג ווייסט מען ניט, וואו דאָס שיף איז אַהינגעקומען. אַ צווייטער האָט געמאַכט דיזעלבע העויות און האָט מיט פעראַכטונג צעבראָכען און אַרויסגעוואָרפען דעם קאָמפּאַס פונ׳ם שיף. אַזוינס אָדער עהנליכעס האָט געטראָפען מיט פיעלע קאַפּיטאַנען, פון פערשיעדענע שיפען, אויף אַלע ימים. דער סוף איז געוועזען — מאַנכע שיפען זענען אַרויף אויף שטיינער, אַנדערע האָבען געליטען פון צוזאַמענשטויס, און פיעלע זענען כתם פערשוואונדען געוואָרען אויף אייביג.

אין יענעם יאָהר זענען קיין חתונות ניט געווען, — גאָרנישט, קיין איינציגע נישט. אַזוי לאַנג אַ בחור מיט אַ מיידעל זענען געזעסען אין די אָוועגדען און האָבען געשמועסט — האָבען זיי געשמועסט. קוים אָבער זענען זיי אַנטשוויגען געוואָרען און האָבען, ווי זייער שטייגער איז, געהויבען די אויגען צו די שטערען, האָבען זיי פּלוצים געשפּירט אַ שוידער: זיי האָט זיך געדאַכט, אַז טויטע אויגענלעכער פון לאַנג פערטריקענטע פּגרים קוקען אויף זיי, אַז געלע צייהן קנאַקען, און שצירען זיך, און לאַכען מיט אַ ביינערנעם געלעכטער.

פֿון די אַנדערטהאַלבען מיליאַרד מענשען, וואָס זענען פֿאַרהאַן אויף דער וועלט, האָבען זיך געפֿונען 347, וואָס האָבען אָנגענומען די מעשׂה פֿאַר זייערע אַ פּערזענליכע קריוודע. וואָס זשע האָבען זיי געטהון, — זענען זיי געגאַנגען און האָבען זיך גענומען דאָס לעבען. 99 פֿון זיי האָבען זיך געשאָסען, 68 געסמ׳ט, 54 האָבען זיך געהאָנגען, און די איבעריגע האָבען זיך אָנגעטהון אַנדערע מיתות משונות. זיי אַלע האָבען איבערגעלאָזען בריף, געשריבען מעהר אָדער וועניגער ליטעראַריש, אין וועלכע עס האָבען זיך געפֿונען די ווערטער „שאָפּענהויער“, „העלשטערן“, נישט שטענדיג לאָגיש צוזאַמענגעקניפּט, און כמעט אַלע האָבען זיך געענדיגט מיט אַ וואַרעמער, פֿריינדליכער עצה צו דער גאַנצער וועלט נאָכצוגעהן זיי אויף דעמזעלבען וועג. דערפֿאַר אָבער האָט זיך אין יענעם יאָהר קיינער ניט גענומען דאָס לעבען צוליעב געוועהנליכע סבות, ווי אונגליקליכע ליעבעס, קאָרטען־שפּיעל, באַנקראָטען, — אַזוי אַז צו אַלעמענ׳ס וואונדער איז די צאָהל פֿון זעלבסט־מאָרדען אין יענעם יאָהר געוועזען בעדייטענד קלענער ווי אַלע יאָהר.

און אַזוי האָבען די שטערען געלויכטען, ווי פֿריהער, נאָר די מענשען — די מענשען האָבען זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער דער ערד פֿערליערען, צעטומעלט, ווי שאָף אין אַ שׂרפֿה...

— — — — — — — — — — — — —

מיין שכן איז שוין לאַנג אַנטשוויגען געוואָרען. דאָס שיף אונטער איננו האָט זיך לייכט געוויעגט, און מיר זענען געליעגען און האָבען געקוקט אויף די שטערען. אומבעשטימטע מחשבות האָבען אַרומגעבלאָנדזשעט ביי מיר אין קאָפּ.

ערשט אויף מאָרגען, אין אַ העלען נאָכמיטאָג, האָב איך געפֿרעגט מיין שכן וועגען דעם סוף פֿון דער מעשׂה. ער האָט זיך צעלאַכט.

— אָ, איהר נעהמט עס אָן צו ערנסט!.. — האָט ער שפּאָטיש געזאָגט. — נאַטירליך, די וויסענשאַפֿט האָט געזיעגט. „מעגליך, — האָבען די געלעהרטע ערקלערט, — אַז מיר לעבען אונטער דער שיין פֿון

מ'יטע, שוין לאנג פערלאשענע וועלטען. מעגליך, אז שוין דער ערשטער מענש אויף דער וועלט איז נעפיהרט געוואָרען פון בליק פון אַ מת. אָבער, טויטע אָדער לעבעדיגע, זענען די שטערען גענוג, אום צו דיענען צו פראַקטישע צוועקען פאַר אונז. אַ שיף קאָן מען פיהרען אפילו מיט דער הילף פון אַ קאָמפאַס, אַ פשיטא שוין נאָך די שטערען, און וואס אָנבעלאַנגט ליעבע, — אויף וואָס דאַרף מען דען שטערען צו ליעבע?.. חע-חע!.." די מענשען האָבען זעהר נעגאַרט זיך איבערצוצייגען, האָבען זיי זיך איבערצייגט.

אמת, עס טרעפט נאָך היינט אַמאָל, אַז אַ קאַפּיטאַן פון אַ שיף, דערפיהלענדיג פלוצים מיט זיין גאַנצען וועזען אַרום און אונטער זיך דעם ים — דעם ים!.. — און די ווייטע לייכטענדע וועלטען איבער זיין קאָפּ, פערליערט ער זיך אויף אַ ווייַלע. עס פּאַסירט אויך, אַז אַ פערליבטער בעמערקט ביי זיין געליבטער אַ שוואַרצען צאָהן. אויך זענען געוועזען פעלע פון זעלבסטמאָרד, וואו מ'האָט נישט געקאָנט אויסגעפינען קיין „פערנינפטיגע" מענשליכע אורזאַך, וואָס זאָל האָבען געפיהרט דערצו. אָבער — דער קאַפּיטאַן דערמאָנט זיך, אַז ער מוז זיין אין צייט מיט זיינע סחורות אין פּאָרט, דער פערליבטער אַיילט זיך „צו'ם צוועק", און דעם זעלבסטמערדער פערגעסט מען.

נישט מעהר, דער אַלטער גימנאַזיסט איז נאָך אַלץ גימנאַזיסט. ער טרינקט, ווי פריהער, אָדער מעהר ווי פריהער. די גימנאַזיסטקעס, בעגעגנענדיג איהם, קוויטשען, הגם נישט פריהער ווי מ'דאַרף. די קעלנערין איז וויילער געוואָרען. און מאַנכמאָל, ווען אונזער גימנאַזיסט געהט בייַנאַכט פון שענקעל אַ היים און זיין „האַרץ" איז פול, שטעלט ער זיך אַוועק געגען אַ לאַמטערן, פון וואַנען עס קוקט אויף איהם דאָס ר'יטע, געשוואָלענע אויג פון אַ פעררייבערטען קעראָסין-לעמפּעל, צענעהמט טעאַטראַליש די הענד און מיט אַ הערצרייסענדער שטימע דעקלאַמירט ער:

— אָ, העלשטערן, העלשטערן!..

# דער ריח פון לאַנד.

אַ בלאַס, געטעמטע פּנים איז אַרויפגעשוואומען אויפ'ן הימל, און אַ בלאַסע שײַן האָט זיך צעגאָסען איבער'ן ים.

גוטען אָװענד, מײַן שטילע, פֿערחלומ'טע פֿעלד! ביזט נאָך איצט אויך די אײנציגע, װאָס איז אימשטאַנד צו בעפרײַען אַ לעבטען זיפּץ פֿון מײַן פֿערקלעמטען האַרצען. פֿיעל װאַסער איז אָבגערינען פֿון יענער צײַט — געדענקסט?... פֿון דאַן אָן בין איך געװאָרען פֿיעל „קליגער", װעניגער „סענטימענטאַל". דאָס לעבען, װאָס האָט מיך אָבגעװאָינט פֿון אַלעם, האָט מיך אויסגעלערנט אָבצושאַצען. אָבער דאָ, אין מיטען ברײטען ים... אינטער פֿיער אױגען, װען קײנער הערט און זעהט אונז ניט — פֿערשטעהסט?.. — װעל איך דיר שטענדיג פֿערטרױען אַ סוד: דאָס אַלעס איז ניט מעהר, װי דעם טאַטענ'ס לאַנגער ראָק, װעלכען איך, קינד, האָב אַרײַנגעצױגען אױף זיך, כדי אױסצוזעהן װי אַ טאַטע, — און דער ראָק פּלאָנטערט זיך מיר אינטער די פֿיס און פֿערביטערט מיר דאָס לעבען... און די ברילען, װאָס דו זעהסט... קױם איך?... — זײ װאָגען, אַז ברילען װעהן בעסער, אַנדער אױגען —

פאָלג איך . אָבער אין דער ווירקליכקייט בין איך דאָס זעלבע קינד , וואָס דו האָסט געקענט . איך וואָלט גערן געוויינט , ווען מען שלאָגט מיך , וואָלט זיך גערן פערקרימט , ווען דאָס הארץ צאפּעלט זיך , און זויגט עס „אונטער׳ן לעפּעלע״ — זיפץ איך אָב , קוקענדיג אויף דיר , און מיר זוערט לייכטער . זיי זשע מיר געגריסט פון טיפען הארצען .

קומסט איצט פון דער ערד , ווילכע איך האָב שוין לאנג פערלאָזען . וואָס האָסט דו דאָרטען געזעהען ? פלעגסט אמאָל וואונדער־באַרע מעשיות דערצעהלען . דערצעהל .

שבייכעלט זי שטיל און אומעטיג : — — — —

— — — איך האָב געזעהען —

אין א צימערל , אין א ווינקעלע , נעבען א בעט , אויף וועלכען עס שלאָפט די יונגע מוטער , ליגט דאָס קליינע קינד און וויינט , די מוטער הערט נים .

די קליינע ליפּעלעך זענען ברייט געעפענט , איינגעדינט און פערקרימט . די טרערען־פולע אייגעלעך קוקען מיט טיפען , שטומפיגען שרעק אויף דעם גרינגבליכען שטריך , וואָס איך האָב איבערגעצויגען איבער דער וואנד געגענ׳איבער דעם קינד . אין די שווערע מינוטען פון לעבען איז עס געוואוינט צו זעהן אנגעבויגען איבער׳ן וויגעל א שענעם , ליבען קאָפּ מיט צוויי הימליבע , ווארעמע אויגען . איצט זעהט עס זיי נישט , — און דאָס שוואכע קול׳כעל ציהט זיך לאנג , לאנג , גלייך עס וועט גאָר קיינמאָל נישט אויפהערען . —

בייזט געגוג קינד — צו פיהלען זיין עלענד ? . .

איך האָב געזעהען —

צוויי יונגע מענשען , ער און זי , געהען לאנגזאם איבער א שטיל־ער , פערוואָרפענער אלעע , וועלכע איך האָב פערצויבערט , האנד ביי

האנד נעהמען זיי: ער — פערבייסען די אונטערשטע ליפּ, ביי איהר — ציטערט א ווינקעל פון דער איבערשטער. זיי קוקען נישט איינער אויפ'ן צווייטען און שווייגען. אט ערשט האבען זיי זיך צעקריגט, און שוין ציהט עס זייערע הערצער איינס צו'ם צווייטען, און קיינער וויל נישט זיין דער ערשטער, און העלפען וועט עס זיי בעדען נישט. איך פערלאז זיי רוהיג, וויסענדיג, אז צוויי הענד וועלען זיך צוזאמענטרעפען אין דער פינסטער נישט ערגער, ווי אין דער ליכטיג. —

ביזטו גענוג יונג—צו געדענקען, ווי זיס עס איז דער וועה?..

און הער —

איך קום פונ'ם לאנד, פון וואנען די געהמט, פונ'ם שטעדטעל, וואו די האבט געלעבט, פון צווישען דעם פאלק, ביי וועלכען די ביזט געבוירען. איך האב דארט געטראפען א בליק אין פענסטער פון אן ארעמען שטיבעל און האב געזעהען —

אן אלטער, שוואכער מאן מיט א לאנגער, ווייסער בארד, האט אין מיטען דער נאכט פערלאזען זיין בעט און, א האלב-נאקעטער, שטעהט ער אנגעבויגען איבער א צווייטען בעט, וואו עס שלאפט אונרוהיג זיין יונגע, שעהנע טאכטער. דעם מיידעל'ס באקען גליהען העליש, די האר — פאנאנדערגעווארפען, איהר ברוסט הייבט זיך פיבעריש און חליפעט צייטענווייז. א נערוועזער ציטער טרייסעלט און קריכט פון צייט צו צייט איהר קערפער פון קאפ ביז די פיס. זי זעהט שווערע, העסליכע חלומות, און דער אלטער האט קיין הארץ ניט אויפצוועקען זי צו דער נאך העסליכערער ווירקליכקייט. שטעהט ער און קוקט אין דער פינס-טערניש פון דער נאכט אויף זיין היינע בלום, אויף וועלכער א ווילדע, גראבע האנד האט א שמוציגען פלעק געלאזען, און זיינע קניע האקען זיך איהם אונטער, זיין גרויער קאפ שאקעלט זיך אלעליך און הילפלאז, און זיינע ליפען בעוועגען זיך אין דער שטיל און קריכען זיך אזוי ביטער-ליך-קינדעריש, אז פון דיינע איגענע פאלט פלוצים ארונטער דער שווע-רער פארהאנג פון שווערע יאהרען, און די זעהסט בחוש דאסזעלבע קינד, וואס וויינט אזוי עלענד אין דער שטילקייט פון דער נאכט, נאר

טוויזענדער מאָל עלענדער און הילפלאָזער . . .

ביזטו געגוג אַלט , אום צו פערשטעהן זײַן בראָך? — — —

— אַך , לאָז צופריעדען ! מעשות , מעשות מײַן איך ! אַזעלכע , וואָס זענען ניט געשטויגען , ניט געפלויגען — פערשטעהסט? . . .

אין פערלעגענהייט פעררוקט זי זיך אונטער א בלאַסען יאַלקען .

— — — — — — — — — — — — — — —

די לבנה האָט זיך אויפגעהויבען איבער׳ן שיף , האָט אינז אַריבערגעיאָגט און איז אַוועק אין דאָס לאַנד , וואוהין מיר געהען .

גרים אין מײַן נאָמען די , וואָס וואַרטען אויף מיר , ווי אויך יענע , וואָס וואַרטען ניט , וועלכע קענען מיך נאָך ניט , און איך ווייס ניט פון זיי , און וואָס דאָך וועלען זיך אונזערע וועגען צוזאַמענקומען און זיך פערפלעכטען ווער ווייסט ווי ענג . . .

אַ שטיל געמורמעל קומט אָן פון אַלע זײַטען .

דאַכט זיך , דאָס זענען זיך צונויפגעקומען אַלע נעכט , וואָס האָבען געלעבט און זענען געשטאָרבען אויפ׳ן שיף פון ים , שטעהען אין רעדלעך , אין גרופען , בייגען זיך צו׳ם אויער איינע צו דער צווייטער — און פיהרען אַ געשפרעך , איינגעהאַלטען , פערשטיקט , אָבער האַסטיג און אויפגערעגט . וואָס ווילען זיי? . . וואָס ווילען זיי? . .

פלוצים איז שטיל געוואָרען . מיט אַמאָל , ווי אָבגעהאַקט . וואָס איז געשעהען? שווער צו זאָגען . מעגליך — ערגיץ זעהר ווייט , אויף דער יבשה , האָט אַרויפגעשאָסען , ווי פון אַ ביקס , אַן אומגעריכטער קריעה פון אַ האָהן און איז פערפלויגען פון האַסט אַהער אויפ׳ן ים . דער מאָרגנער מאָרגען-קריעה , פון וועלכען עס דאַכט זיך , אַז עפּעס אַ פאָרהאַנג האָט זיך ראַש אויפגעהויבען מיט אַ זײַדענעם געראויש : נאַ , זעה . . .

אַ וואַרעם, קרעֶפטיִג ווינטעֶל איז אָנגעֶקומעֶן אינז אַנטקעֶגעֶן, האָט זיך צעֶשפּאָלטעֶן אָן די נאָז פון אונזעֶר שיף און האָט אָנגעֶהייבעֶן צו ציהעֶן זיך גלייכמעֶסיג און אָהן אויפהעֶר ביי זיינע באָרדעֶן. און ביסלעֶכוויז איז דעֶר ים געֶקומעֶן אין בעֶוועֶגונג. קליינע וועֶלעֶן זעֶנעֶן אויפגעֶשטאַנעֶן, האָבעֶן זיך געֶבראָכעֶן איינע אָן די צווייטע מיט אַ דינעֶם, גלעֶזערנעֶם קלונג און געֶלאָזעֶן נאָך זיך אַ ציטערנדעֶן נאָכקלאַנג. אַ שטילעֶ, פליסיג געֶזאַנג האָט זיך אויפגעֶהויבעֶן פון ים, איז געֶשטיגעֶן אַלץ העֶכעֶר און העֶכעֶר, האָט פעֶרפלייצט אונזעֶר שיף און פעֶרשלינגעֶן דאָס געֶרויש פונ'ם טרייב-שרויף. ווייטע, העֶלע וועֶלטעֶן האָבעֶן געֶקוקט אַראָב פון פעֶרבלייכטעֶן הימעֶל, און זייער גרין-גאָלדעֶנע שיין האָט זיך שטיל געֶמישט מיט'ן געֶזאַנג פון ים.

„ברן יחד כוכבי בקר“ —

עֶס זינגעֶן קאָהר די מאָרגעֶנשטעֶרעֶן.

און נישט ווילעֶנדיג האָב איך אַריינגעֶשטעֶלט און געֶטליבעֶן קאָהר איך מיין איינעֶנע שטימעֶ, די ציטעֶרנדעֶ שטימעֶ פון אַ מעֶנשעֶן אויפ'ן ים.

אַ מעֶנש — אויפ'ן ים!..

— — — — — — — — — — — — —

און דעֶר פריה האָט די זון העֶל געֶבראָנט. פון ערגעֶץ האָבעֶן זיך בעֶוויזעֶן ווייסעֶ ים-פייגעֶל און האָבעֶן אַרומגערינגעֶלט דאָס שיף. אויפ'ן דעֶק האָט זיך אָנגעֶהויבעֶן אַ געֶטומעֶל. אין דעֶר לופט האָט אַרומגעֶשוועֶבט דעֶר אונרוהיגעֶר, בעֶשעֶפטיגטעֶר גייסט פון לאַנד, און דעֶר עולם האָט זיך פאָרבעֶרייטעֶט אַראָבצושטייגעֶן. ווי שפּינוועֶבס האָט זיך געֶריסעֶן דעֶר כשוף פון ים.

רעֶלטעֶס האָט זיך אויסגעֶצויגעֶן אַ געֶלבליכעֶר, זאַמדיגעֶר עֶרדפּאַס. איז פעֶרלאָפעֶן פאָר'אויס, האָט זיך אויסגעֶדרעֶהט, אויסגעֶבויגעֶן און

האָט אונז שליסליך אַרומגענומען פון דריי זייטען. די נייע וועלט האָט זיך געריקט אויף אונז. די אונגערולד און אונרוהיגקייט זענען געוואַקסען. וואָס איז דאָרטען?... ווי אַזוי איז דאָרטען?... אָדער — אַלץ דאָס־זעלבע? אַלץ דאָסזעלבע? אַלץ דאָסזעלבע?..

אַ ריזיגע פרויענפיגור מיט אַן אויפגעהויבענער האַנד האָט זיך אָבגעצייכענט לינקס. דער בליק פון דער „פרייהייט" דרינגט מיט אַנגסט אין די נאָהענטע ווייטע שטאָדט: אַ ביסעל העכער אין אויסגוס ליגט דער עלליס־איילענד מיט'ן „קעסל גאַרדען" און שצירעט כייז זיינע ציין: שטעה, וואו דו שטעהסט!....

— — — — — — — — — — — —

ים, אָ ים! אויף דיר האָט דער מענש בעראַרפט געבוירען ווערען.

ים, מיין ים — כ'קום נאָך צוריק צו דיר!



# שטאַרקער!

**א.**

עטליכע סלופּעס מיט אַ טאָר אַלטע, צעריסענע לייווענטענע פּורטיענטען האָבען געבילדעט דאָס דאַך און דריי ווענד פון דער פּאַלאַטקע. אין איינער פון זיי האָט מען איבערגעלאָזען אַן איינגאַנג. מיט דער פיערטער זייט האָט די פּאַלאַטקע זיך אָנגעשפּאַרט אָן הויז, פון וואַנען עס האָבען אַהער געקוקט צוויי פענסטער: איינס פון קיך, און דורך איהם האָט מען אַרויסדערלאַנגט די געריכטען, דאָס צווייטע פון זאַל, וואו די קלעזמער זענען געזעסען אַרום אַ טיש און האָבען צוגעשפּיעלט צו דער וועטשערע.

אַרום לאַנגען טיש, אויף דער גאַנצער לענג פון דער פּאַלאַטקע, זענען געזעסען די מאַנסלייט, האָבען געגעסען און געטרונקען, געשמייעסט און געלאַכט. בײַ׳ם צווייטען, קלענערן, זענען געזעסען די ווייבער, עלטערע מיט זייערע טיכלעך אויף די קעפּ, יונגערע — אין האָרשייטלעך. זיי האָבען געגעסען מיט דרך־ארץ און, אויס אָבשיי צו די מאַנסלייט, געשמועסט אין דער שטיל. צווישען די טישען האָבען אַרומגעטאַנצט קינדער, און ס׳האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט עפּעס אַ האַלב דערוואַקסען מיידעל מיט גרויסע קיהישע אויגען און מיט צוויי שיטערע זאַמט־קאָליערענע צעפּלעך, איבערגעבונדען מיט אַ רויט סטענגעלע.

אַז לײַפּציגער האָט זיך בעוויזען בײַ׳ם אײַנגאַנג, איז אין פּאַלאַט־קע געוואָרען אַ שטיקעל געמורמעל. יורען מיט בערד האָבען אויפגעהויבען די ברעמען מיט לײַכטער ערשטוינונג. עטליכע יונגע מײדלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ ווינקעל, האָבען אָנגעהויבען זיך צו שושקען, וואַרפענדיג אויף לײַפּציגער׳ן בליקען פון דער זײַט. דער כלה׳ס צוועלף־יעהריג ברידערל, אַ בלאַס יונגעל מיט געלבליכע האָר, מיט אַ קלײַנ־דיג פּנים, אין אַ שוואַרצען אַכט־קאַנטיגען קאַשקעטעל, איז געבליבען שטעהן מיט אַן אָפען מויל, קוקענדיג אויפ׳ן נײַעם גאַסט.

און ווירקליך: לײַפּציגער׳ס קלײנע, אויסגעדראָשענע פיגור אין שוואַרצען, איבערגעריבענעם, עטוואָס גלאַנציגען ראָק און אין ליכטיגע הויזען, דאָס ווײַסע ביליגע שניפּסעל אַרום האַלז, די ברילען אויף דער נאָז און די מאָגערע, טונקעל־גרויע גענאָלטע באַקען — האָבען ווייניג האַרמאָנירט מיט די אַרומיגע.

בײַלע, דער כלה׳ס עלטערע שוועסטער, אַ ווײַבעל פון אַ יאָהר פיער און צוואַנציג מיט אַ שפּיציג נעזעל און מיט קלײנע, גרויע, לאַכענדיגע אײגלעך, איז געגאַנגען דעם גאַסט אַנטקעגען. זי האָט זיך אַ ביסעל פערע־רײַטעלט, געבענדיג איהם די האַנד, און האָט איהם אַוועקגעפיהרט צו׳ם אויבען׳אָן, וואו די מחותנים מיט׳ן חתן זענען געזעסען. ר׳ שמואל האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט.

— מיט מזל זאָלט איהר לעבען... — האָט ער געענטפערט אויף לײַפּציגער׳ס „מזל טוב״. — אָט דאָס איז דער חתן...

לײַפּציגער האָט געדריקט הענד, עפּעס געמורמעלט — און האָט פרײַ אָפּגעאָטהעמט, ווען מען האָט איהם ענדליך בעזעצט נישט ווײַט פון די מחותנים. פון וועטשערע האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, האָט מען פאַר איהם געשטעלט אַ גלאָז טײ מיט לעקעך. אַ פּאָר מאָל האָט זיך דער מחותן אויס העפליכקייט געווענדעט צו איהם מיט אונבעדײַטענדע פּראַ־זען, נאָר ביסלעכווײַז האָט מען אָן איהם פערגעסען.

ב.

צו די יונגע ווייבלעך האָט זיך צוגעזעצט דעם חתן׳ס אַ ברודער, אַ יונגער סוחר פון אַ יאָהר צוויי און דרייסיג מיט אַ געשוירען בערדעל, אין אַ לענגליכען ראָק, איז אַן אָבגעלעגטען קאָלנער און מיט אַ האַר־טען הוט אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט זיך געוויצעלט, דערצעהלט מעשות, בעוויזען עפּעס קונצען, און די ווייבלעך האָבען געלאַכט, פערשטעלענ־דיג די מײַלער מיט די הענד. ביילע האָט אַרומגעטאַנצט איבער דער פּאַלאַטקע און האָט „געפּראַוועט" מיט ביידע טישען. דעם חתן׳ס ברודער האָט אָנגעכאַפּט ביילען פאַר אַ האַנד.

ווער איז דער נפש?..—האָט ער אָנגעוויזען אויף לייפּציגער׳ן.

ביילע האָט אויף איהם אַ פּינקעל געטהון מיט די אייגלעך, בע־פרייענדיג איהר האַנד.

— אַ וויַיטער קרוב אונזערער...

— אַ דאַ־אַטש!... — האָט ער אויסגעצויגען מיט אַ קאָמיש־ערנסטער מינע. — מיט וואָס, אַ שטייגער, פערנעהמט זיך דער אָדון?

— ער איז אַ לעהרער.

— אַהאַ! ער גיט, הייסט עס, "שטונדען"... — האָט דעם חתן'ס ברודער פּאַרטנעזעצט אין זעלבען טאָן.

בײַלע האָט זיך געלאָזען אַוועקנעהן. דער יונגערמאַן האָט זי אָבגעהאַלטען.

— וואָס אַנטלויפט איהר?...

— בעסער זיך האַלטען פון אײַך פון דער ווײַטען... — האָט בײַלע געשמייכעלט.

— מיט וואָס האָב איך זיך דאָס אַזוי פערזינדיגט?...

— עט... איהר זענט אַ ליץ... פון וואַנען ווייס איך, אַז איהר לאַכט נישט אָב פון מיר אויך הינטער מײַנע אויגען?...

זי האָט זיך געשפּיעלט מיט'ן גאָלדענעם קייטעל, וואָס איז געהאַנגען אויף איהר ברוסט, און קאָקעטיש געשמייכעלט. דער יונגערמאַן איז געוואָרען רויטליך.

— גאָט בעוואָהר! — האָט ער זיך פערענטפערט. — וואָס האָב איך פון אײַך וואָס צו לאַכען?!, פערקעהרט, אַזאַ יאָהר זאָל איך האָבען, ווי...

— ווי צוקער איז זיס... — האָט בײַלע שעלמיש איבערגעהאַקט. — מ'דאַרף געהן זעהן, וואָס הערט זיך אין קיך...

זי האָט ווידער אַ פינקעל געטהון מיט די אייגלעך און איז אַוועק, רוישענדיג מיט דער שלעפּ פון קלייד. דער יונגער מאַן האָט איהר נאָכגעקוקט און געמורמעלט:

— אַ ווײַבעל — אַ ברען!..

ג.

די קלעזמער האבען געשפּיעלט אַ „באַזי״ : אַלס אַקאָמפּאַנימענט צו אַ מונטערן מאַרש, האָט מען געקלאַפּט אין אַ בלעך, געטראַסעלט אַ קעסטעל מיט זאַמד, געצונדען רויטע בענגאַלישע שוועבעלעך און צוּ־טענוויז לאַנג און שנאַדענד געפּאַפּט. די קינדער זענען אַוועקגעלאָפען צו די קלעזמער; די יונגעלייט האבען בעלאַגערט דאָס פּענסטער פון זאַל. די עלטערע זענען געזעסען אַרום די טישען און האבען צייטענווייז גע־וואונקען איינער צו׳ם צווייטען, ווי איינער רעדט: „ממזר׳יש נאָכ־געמאַכט!״... אויף די טישען האבען זיך בעוויזען פלעשער ביר.

לייפּציגער איז געזעסען און האָט זיך געקווילט. וואָסער אַ שחאַרין יאָהר האָט איהם געשלעפּט אויף די חתונה! וואָס האָט ער דאָ צו טהון?... דער אַלטער וואָלט זיך אפילו געווען בעלעדיגט... „ביי זיך גרויס געוואָרען! — וואָלט ער געזאָגט. — שעמט זיך מיט יודען״... ניין, נעהן האָט מען געמוזט, אָבער — וואָלט עס שוין נעהמען אַ מאָל אַ סוף!..

דרויסען, אַרום דער פּאַלאַטקע האבען אַרומגעטאַנצט קאָמפּאַניעס יונגלעך, שקצים און דינסטמיידלעך. לייפּציגער האָט געהערט, ווי זיי

שרײַען, שטיפּען, שלאָגען זיך און שפּאַרען זיך צו די ווענד פון דער פּאַלאַטקע. און לײַזונגר, פּונקט נעגען׳איבער לײַפּציגער׳ן, איז געװיען אַ לאָך, און אין איהם האָט דער יונגערמאַן פּלוצים בעמערקט אַ פּנים: אַ יונגעל האָט אַרײַנגעקוקט פון דרױסען און געמאַכט גרימאַסען: געװיזינקען מיט די אױגען, זיך געקרימט און אַרױסגעשטעלט אַ צונג. לײַפּ־ציגער האָט געמאַכט אַ שטרענג פּנים, — דאָס יונגעל האָט אױפגעהױ־בען בײדע הענד און אױסגעצײגען „אַ נאָז״... לײַפּציגער האָט געשװינד אָבגעװענדט די אױגען אין אַ זײַט. װען ער האָט אין אַ פּאָר מינוט אַרום געװאָרפען אַ זײַטיגען בליק צו דעם לאָך, האָט איהם דאָס יונגעל גע־שטעלט אַ פײַג... לײַפּציגער האָט געקריצט מיט די צײהן פון װילדען כעס איף דאָס יונגעל און איף זיך דערפאַר — װאָס ער איז אין כעס, אָבער װאוהין ער האָט נישט געקעהרט דעם קאָפּ, האָט ער אַלײן געזעהען דעם יונגעל׳ס פּנים און געהערט זײַן עזות׳דיג געלעכטער... ער איז געזעסען, װי איף הײסע קױהלען. ענדליך האָט דער מחותן בע־מערקט, אַז ער זיצט אומרואיג און שװײַגענדיג, און האָט זיך געװענדעט צו איהם:

— נו, װאָס מאַכט מען?...

— אָט, אַזױ... — האָט לײַפּציגער אונבעשטימט געזאָגט.

— האָט איהר עפּעס גוטע שטונדען?..

— נישקשה...

— װיפיעל, אַ שטײנער, פאַרדינט איהר?...

„צו׳ן אַל־די רוחות! — איז בײַ לײַפּציגער׳ן דורכגעפלױגען אין קאָפּ. — װאָס װיל נאָך דער פון מיר האָבען?!״ דאָך האָט ער געענט־פערט:

— װי עס מאַכט זיך...

— אָבער, אײַנגעהענדיג, װעט זײַן אַ רובל... פיערציג אַ חודש?..

לייפּציגער איז רויט געוואָרען.

— אין דעם ערך...

— אַזוי־וי!... — האָט ר׳ שמואל אויסגעצויגען מיט אַן ערנסטער מינע און מיט אַ טאָן פון רעספּעקט.

זיי האָבען געשוויגען אַ קורצע צייט, נישט האָבענדיג וועגען וואָס צו רעדען. לייפּציגער האָט געקוקט זיך אויף די נעגעל, דער מחותּן האָט ווי געצעהלט די האָר פון זיין לאַנגער באָרד מיט צוויי פינגער. ענדליך האָט ר׳ שמואל זיך דערפרעגט, געפינענדיג אַ טעמע:

— אפשר וועט איהר טרינקען אַ גלאָז ביער?...

— ניין, אַ דאַנק...

— וואָס קאָן עס שאַדען? טרינקט איס איין גלאָז ביער!...

— אַ דאַנק, איך טרינק נישט... — האָט לייפּציגער זיך פערטיידיגט.

— אַהאַ, אודאי האָבען דאָקטוירים אייך פערוועהרט... — האָט ר׳ שמואל זיך געשטויסען. — וואָס זשע, איהר וועט עפּעס נישט געזונד אויפ׳ן האַרצען?...

— מ־מ־מ־יאָ... — האָט לייפּציגער אַרויסגעשטאַמעלט, בענויסענדיג זיך מיט שוויס...

— אַ־זוי... — האָט דער מחותּן טיעפזיניג פערקנייטשט דעם שטערן.

דאָס געשפרעך האָט זיך ווידער אָבגעהאַקט. דער מחותּן האָט זיך אָבגעקעהרט צו אַנדערע געסט.

## ד.

עֶס איִז שוֹין גֶעווֶען גאַנץ שפּעֶט. דיִ יונגלעֶך, וואָס האָבּעֶן בּעֶלאַגעֶרט דיִ פּאַלאַטקעֶ, זעֶנעֶן פעֶרשוואונדעֶן, נאָר בּײַ׳ם אַריַינגאַנג זעֶנעֶן נאָךְ געֶשטאַנעֶן אַ פּאָר אָרעֶמעֶלײַט, און צוויַי „פּאַרוּבּקעֶס“ מיִט אַ קורנאָסעֶר שיִקסעֶ האָבּעֶן געֶקנאַקט „נאַסיִניעֶס“ און בּעֶטראַכט דיִ „זשיִדיִווסקעֶ וויִסיִליעֶ“.

דיִ טיִשעֶן האָט מעֶן שוֹין לאַנג אַרויסגעֶשטעֶלט דרויסעֶן, געֶמאַכט פּלאַץ פאַר דיִ טעֶנצעֶר, דיִ קלעֶזמעֶר בּעֶזעֶצט איִן פּאַלאַטקעֶ גיִפּא אויף אַ בּאַנק — און געֶטאַנצט איַין „פרעֶהליִכּס“ נאָכ׳ן צוויַיטעֶן. דאָס רעֶדעֶל האָט געֶפיִהרט דעֶם חתן׳ס בּרודעֶר, וועֶלכעֶר האָט, וויִ עֶר אַליַין האָט זיִך בּעֶריִהמט, אַריַינגעֶגאָסעֶן איִן זיִך אַ גאַנצעֶן ירדן. עֶר האָט אויסגעֶטהון דעֶם סורדוט, אַראָבּגעֶוואָרפעֶן דעֶם שניִפּס פון האַלז און האָט געֶטאַנצט מיִט אַ פלעֶשעֶל בּראַנפעֶן איִן איַין האַנד און מיִט אַ זוייקעֶרעֶר אוגעֶרקעֶ — איִן דעֶר צוויַיטעֶר. זיַין רויטליִכעֶר קאַרק, דאָס געֶשוירעֶנעֶ בּעֶרדעֶל און איִנגאַנצעֶן זיַין גלאַטעֶ און פעֶסטעֶ פיִגור האָבּעֶן לײַפּציִגעֶר׳ן אויסגעֶוויִזעֶן משונה פּריִקרעֶ. בּעֶזונדעֶרס האָבּעֶן איִהם עֶפּעֶס געֶרײַצט דיִ שניי־וויַיסעֶ אַרבּעֶל פון יונגעֶן סוחר׳ס העֶמד: זיי האָבּעֶן זיִך געֶוויִעגט אַרויף און אַראָב, זיִך געֶבלאָזעֶן, געֶקנײַטשט און מיִט חוצפּה געֶפיִנ=

קעלט געגעז דער שײַן פון די לאָמפּען . . . „זשיוואָטנאָיע !“ . . . — האָט לײַפּציגער אַרויסגעבּרומט אויף רוסיש און האָט זיך אָבּגעקעהרט אין אַ זײַט .

די מחותּנים האָבּען זיך צעהוליעט גאָר אויפ׳ן גרויסען אופן , און די קלעזמער האָבּען אויף גיך געקלאַפּט זײַערע „פּרעהליכס“ און אַלע מאָל אָבּגעהאַקט ווי אין מיטען , פונקט דערמאָלט , ווען דער עולם האָט זיך „צעשאָקעלט“ . . . די מחותּנים האָבּען זיך געבּײַזערט , געוואָרפען זילבּערנע מטבעות און געהײַסען שפּילען ווײַטער .

— שפּילט ! — האָט אויסגעשריען דעם חתן׳ס בּרודער , וואַרפענדיג צו׳ם בּאַס אַ גאַנצען רובּל . — אײנמאָל מאַכט מען חתונה אַ בּרודער ! . . הוליע , קבצן ! . . אָ—טאַ—זוי , אָ—טאַ—זוי — — —ט מען אָן אַ שוויע — גער . . . אָ — טאַ — זוי . . . אָ — טאַ — זוי . . . שטאַרקער , שטאַרקער ! . .

טאַנצענדיג , האָט מען מיט געוואַלט אַרײַנגעשלעפּט יעדעס מאָל פרישע מענשען , און דאָס „ראָד“ איז געוואַקסען און געוואַקסען , און ענדליך איז שוין שווער געוואָרען צו זיצען אויף די בּענק בּײַ די ווענד : די טאַנצענדע האָבּען געטראָטען אויף די פיס , זיך געשטויסען אָן די קניע און געפאָכט מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס איבּער די פּנים׳ער פון די זיצענ־דע . דעם חתן׳ס בּרודער האָט געכאַפּט לײַפּציגער׳ן פאַר אַ האַנד , שלעפ־פענדיג איהם אין ראָד . לײַפּציגער האָט געפּרובּט מאַכען אַ שטרענגע , דער־נאָך אַ בּײזע מינע , עס האָט אָבּער נישט געהאָלפען : דעם חתן׳ס בּרו־דער האָט איהם געהאַלטען פאַר איין האַנד , עפּעס עמיצער פאַר די צווײ־טע — און די פּאַלאַטקע האָט זיך אָנגעהויבּען צו דרעהען פאַר זײַנע אוי־גען . לײַפּציגער האָט נישט געטאַנצט , ער איז נאָר מיטגעגאַנגען , האָט גע־פּלאָנטערט מיט די פיס און דערבּײַ פּערלעגיןן אין נאַריש געשמײכעלט . . .

אין טיר איז געשטאַנען בּײלע און האָט געקוקט , און אַז דער טאַנץ האָט זיך געענדיגט , איז דעם חתן׳ס בּרודער צוגעגאַנגען צו איהר .

— נו , מחותּנת׳טע , געהט איהר מיט מיר טאַנצען ? . . . — האָט ער פרעהליך און אויפגערעגט אויסגערופען , ווישענדיג דעם שווייס פון שטערן .

— וואָס האָט איהר זיך אָן איהם אָנגעשטעפּעט ?... — האָט ביילע געזאָגט, נישט ענטפערנדיג אויף זיין פראַגע.

— וועמען מיינט איהר — דעם אינטעליגענט ?... וואָס דען ! וואָס זיצט ער עפּעס אָנגעבלאָזען, ווי אַן אינדיק ? פּריצים האָב איך פיינד ! ביי מיר קיין עקשנות געהט נישט אָן ! חאַ-חאַ, איהר האָט געזעהען, ווי ער האָט ביי מיר געדריגעט מיט די פּיסלעך, פּונקט ווי אַ טשערנאָהאָז !.. און אין גאַנצען האָט ער אַ פּנים ווי אַ מיוז אין סמעטענע...

— געהט, איך וויל מיט אייך נישט רעדען !... — האָט ביילע זיך געמאַטערט נישט צו לאַכען.— איהר שפּעט-אָב פון דער גאַנצער וועלט !...

די אויגען ביי'ם יונגענמאַן האָבען זיך פערצויגען מיט אַ פּייַלטען גלאַנץ.

— איהר ווילט מיט מיר נישט רעדען ?..

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד און זי אָנגענומען מיט צוויי פינגער פאַר אַ בעקעל. ביילע האָט זיך פערדרייטעלט און געוואָרפען אַ דערשראָקענעם בליק אַרום.

— איהר זענט משוגע, צי וואָס ?! — האָט זי שטיל געזאָגט, אָבשטופענדיג איהם פון זיך מיט ביידע הענד.

גראָד פערקעהרט !.. — האָט ער זיך צעלאַכט און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין פּאַלאַטקע.

## ה.

אין גאַנץ האָט געהערשט אַזאַ שטילקייט, אַז דאָס גערויש און די מוזיק פון פּאַלאַטקעס האָבען זיך אין איהר אָבגעצייכענט רייַן און שאַרף, ווי שוואַרצע טינט־פלעקען אויף בלענד־ווייַסען שנייַ. דאָס שטיקעל היימעל, וואָס האָט געבלויט דורך די טיר, איז געוואָרען בלאַסער און דורכזיכטיגער. פון ערגעץ האָט אַ ציה געטהון אַ קיהל ווינטעלע, פריש און צערטליך ווי אַ לייכטער קוש, וואָס רופט אַרויס אַ לייכטען שוידער... די נאַכט האָט נאָך געוועלטיגט אַרום, אָבער געפיהלט האָט זיך, אַז עמיצער געהט, עמיצער נעהערט זיך — און באַלד וועט זיך ענדיגען איהר ממשלה.

נאָכ׳ן „טאַנץ” האָט לייפּציגער, צו זיין גרויסען וואונדער, זיך דערפיהלט עפּעס פרייער... די פערפרעמדקייט, וואָס האָט געשוועבט אין דער לופט צווישען איהם און די אַרומיגע, איז צעשוואומען געוואָרען פון זיך זעלבסט. ער האָט עפּעס צו עמיצען אָנגעהויבען צו רעדען, עמיצער האָט איהם עפּעס דערצעהלט, און ביידע האָבען געלאַכט; ער האָט אפילו אַליין געבעטען אַ גלאָז ביער און האָט עס מיט פערגעניגען אויסגעטרונקען... די קלעזמער האָבען אָנגעהויבען שפּיעלען אַ נייַ „פרעהליכס”, און לייפּציגער האָט פּלוצים געמאַכט אַן ענטדעקונג, אַז די פינגער פון

זייַנע פּיס, אינוועניג אין די שיך, בעוועגען זיך צו׳ם טאַקט פון דער מוזיק... ער האָט זיך אַליין איסגעלאַכט, נאָר אַז דעם חתן׳ס ברידער האָט איהם ווידער אַריינגעשלעפּט אין ראָד, האָט ער זיך שוין דאָס מאָל אַזוי נישט איינגעשפּאַרט.

געשפּיעלט האָט מען עפּעס אַן אומגעלומפּערטען מאָטיוו; עס איז שווער געווען צו בעשטימען, אויב ער איז אַ פרעהליכער אָדער גאָר אַ חזנענדיגער. צייטענווייז האָט זיך געדאַכט, אַז די פידעל קלאָגט זיך אויף עפּעס, קלאָגט זיך שטיל, אָבער אין איין אָטהעם, פער׳עקשנ׳ט, קריכט אין די לעבער אַריין און הערט זיך בעסער פון אַלע אַנדערע אינסטרומענטען; אין דערזעלבער צייט האָט די פּויק נישט געוואָלט וויסען פון קיינע גליקען און האָט געפּלוידערט עפּעס אַזאַ פערשייטע, אַזאַ שאַרלאַטאַנישע מעשה, אַז די פיס האָבען זיך אַליין געהויבען און זענען גענאַנגען „טריט־וואַסער״... גאַנצע בערג האָבען זיך געגליטשט פון לייפּציגער׳ס פּלייצע אַראָב, אַרונטער! זייַנע אויגען האָבען געפינקעלט, די שווינדזוכטיגע באַקען — מאָדנע געפלאַמט, דער רוקען האָט זיך איסגעגלייכט, דער קאָפּ זיך פערוואָרפען אַרויף, און זייַנע הענד האָבען אָנגעהויבען פעסטער צו דריקען די הענד פון זייַנע שכנים און שטאַרקער צו ציהען דאָס ראָד. אַ הייסער שטראָם האָט אַרויסגעפּלייצט פון האַרצען, איז ווי אַ פייער איבערגעלאָפען איבער׳ן רוקען און האָט אַ זעץ געטהון אין קאָפּ אַריין... און מיט זייַנע פיס זענען עפּעס גאָר וואונדער געשעהען! תחלת זענען זיי „געגאַנגען״, געגאַנגען סאָליד, פיין, בעל־הבית׳יש. דערנאָך האָבען זיי אָנגעהויבען זיך צוצואיילען, אָנלויפען איינער אויפ׳ן צווייטען, שטויסען איין קניע אָן די צווייטע; שפּעטער האָבען זיי זיך אַליין געשטעלט אויף די פינגער, אויף די שפּיץ פינגער, אויף די נעגעל!... אין דעם מאָמענט האָט די פּויק גובר געווען דעם גאַנצען אָרקעסטער און האָט גענומען אויסקלאַפּען אַזעלכע משוגענע טרעלען, אַז לייפּציגער האָט פּלוצים דערזעהען, ווי זייַנע קניע, איבערגעצויגען מיט די ליכטיגע, כמעט ווייסע הויזען, שפּרינגען איהם אין פּנים אַריין!.. לייפּציגער וואָלט געמעגט שווערען, אַז פּונקט געגענ׳איבער איהם וויעגט זיך עפּעס אַ פּנים פון אַ בעיאָהרטער מחותנ׳טע מיט אַ פעטען גוידער, אַרומגעצוימט מיט אַ זיידען טיכעל, ביי וועלכען עס באַמבלען זיך אינטען צוויי עקען... עמיצער האָט געשריגען: „לעבען זאָלען מאַק!

אונזערע יודעלעך"... ערגעץ פון וויַיטען, ווי דורך א וואסער, האָט זיך געהערט אַ קול: „שטאַרקער, שטאַרקער"!... פאַר לייַפּציגער'ן איז פלוצים אויסגעוואקסען דעם חתן'ס ברודער מיט אַ גלאָז ביער אין דער האַנד.

— טרינק, גוטער ברודער!...

לייַפּציגער האָט געחאַפּט דאס גלאָז, און פון דאָרטען האָט אַ זעץ געטהון צו איהם אין נאָז אַ ריח פון בראַנפען. ער האָט עס איבערגע־קעהרט צו זיך אין מויל אַריין איינגאַנצען, און אין איין קלאַפּ, נאָר אַ ביסעל איז אַרייַנגערונען צו איהם אונטער'ן קאָלנער, — און באַלד האָט אין זיינע אָדערען אָנגעהויבען פייער צו פליסען, און פון האַרצען האָבען זיך אַלין נייע און נייע שטיינער אַראָבגעקייקעלט. ער האָט דער־פיהלט אַ פּאַטש אין פלייצע און דערהערט אַ שאַרפע, פעסטע שטימע פול מיט נצחון:

— אָט אַזוי ביזטו פון מייַנע מענשען! אַזוי האָב איך ליעב! קלעז־מער, אַ רוח אין אייערע ביינער אַריין — שפּיעלט! געלעבט איז געלעבט! אָ—טאַ—זוי, אָ—טאָ—זוי... שטאַר—קער! שטאַר—קער! שטאַר—קער! שטאַר—קער!...



# עֶר און זײַן דינער.

## א.

עֶר האָט זיך זעהר ווענִיג געפּאַסט צו׳ם פריש־עֶטהעמענדעֶן פּאַרק און צו די אַנדערעֶ שפּאַציערעֶנדעֶ, און דאָס גופא האָט איף איהם גע־צויגעֶן בליקעֶן; און קוים האָט עֶמיצער אויף איהם געֶקוקט, האָט דער קוקער געֶשפּירט אַ געֶהײַמעֶן שרעֶק. יעדעֶן טאָג, זאָגאַר עֶטליכעֶ מאָל אין טאָג, פלעֶגט זיך בעֶוויזעֶן אין די אַלעֶען זײַן וועֶגעלעֶ, געֶשטופּט פון יונגעֶן, פעֶסטעֶן און בלאָנדעֶן דינער. עֶר אַלײַן איז האַלב געֶליגעֶן, די פים פער־וויקעֶלט אין אַ וואַרעֶמעֶ דעֶק, אויפ׳ן קאָפּ עֶפּעֶס אַ מין מיצעֶל, מיט אַן עֶט־וואָס אָנגעֶשוואָלעֶנעֶם, ערד־קאָליערעֶנעֶם פנים, מיט אַ גרויסעֶר נאָז און מיט גרויעֶ, רוהיגעֶ, שוין צו רוהיגעֶ, אויגעֶן. זײַן בליק איז געֶגאַנגעֶן גראַד און פאַרבײַ.

האָבעֶן אַלעֶ פון איהם געֶווייכט. און בלויז קינדער פלעֶגעֶן פאַר־בײַלויפעֶן, ווי אַ שטורם, שרײַעֶנדיג, לאַכעֶנדיג, שיער נישט איבער־קעֶהרעֶנדיג זײַן וועֶגעלעֶ. זיי האָבעֶן איהם אײַנפאַך נישט געֶמעֶרקט.

עֶר מיט׳ן דינעֶר האָבעֶן צווישעֶן זיך נישט געֶרעֶדט. מיט אײַן זײַט פלעֶגט עֶר אויסדריקעֶן זײַן וואונש, און דער דינער, נישט געֶקוקט און נישט געֶענטפעֶרט, פלעֶגט פערקעֶהרעֶן דאָס וועֶגעלעֶ אין די געֶוואונשטעֶ ריכטונג. דער בלאָנדער, פעֶסט־געֶבויטעֶר יונגערמאַן האָט איהם, ווײַזט אויס, אויך נישט געֶמעֶרקט, און פערבינדעֶן זענעֶן זיי געֶוועֶן גאַנץ מעכאַניש.

## ב.

אין אָוונט איז דער פּאַרק — דורך אין דירך ליבע. גייט אַ שטרענגער מאָראַליסט דורך איין אַליי, פערוואַלקענט זיך זיין שטערן; גייט ער דורך אַ צווייטע, שאָקעלט ער מיט'ן קאָפּ; שניידט ער דורך אַ דריטע, פערקוועטשט ער מיט די אַקסלען. ווייטער פערטראַכט ער זיך, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, הייבט איהם איף און — לאָזט אַרויס אַ זיפצעל... הענגט דאָס זיפצען אין דער לופט, און עס וויגט אונטער'ן האַרצען.

און נישט בלויז מאָראַליסטען ליידען נעבעך אין פּאַרק. איך חכמים ווערען געוואָרענט, אַז בעסער זאָלען זיי אַהין נישט אַריינטרעטען, וואָרום...

פאַרהאַן דאָרט אַזעלכע אַלעען, וואָס זענען שיין אייגענטליך גאָר קיין אַלעען נישט. דאָס זענען אַנדערע, גאַנץ אַנדערע וועלטען, וואו אַלעס איז מעגליך, אויסער דער ווירקליכקייט. פאַלט אַריין אַ חכם אין די דאָזיגע מקומות, וואו די חכמה האָט קיין שליטה נישט, רעדט ער און טהוט אַזעלכע נאַרישקייטען, מיט וועלכע ער שעמט זיך און נאָך וועלכע ער בענגט דערנאָך זיין גאַנץ לעבען. אַז וואַסער פלוידערט און גרינס שווייגט — וואָס קאָן זיין געפעהרליכער? דעריבער זאָג איך: חכם, זיי אין דער היים.

אַ יונגערמאַן מיט צוויי מיידלעך האָבען זיך געשטעלט טאַנצען אויפ'ן גלאַטען אַספּאַלטענעם וועג צווישען די ביימער. אָהן געזאַנג און אָהן ווערטער נעהמט ער איינע פאַר די טאַליע, מאַכט מיט איהר אַ טור, שטעלט זי אַוועק, נעהמט די צווייטע, קערט זיך אום צו דער ערשטער — און אַזוי דרעהען זיי זיך שטיל און פאַנטאַסטיש, ווי אומבעליבטע גייסטער אָדער שאָטענס. די געצייכענטע פאַרביינגעהער האַלטען זיך ביי אַ זייט, אום ניט צו שטערען דעם שטילען טאַנץ. פּלוצים — אַ שוואַך גרילצען פון רעדלעך אויפ'ן אַספאַלט, און פון דער פינסטער שווימען אַרויס אַ פערוויקעלטע פאָר פיס, אַ פאָרמלאָזער, האַלב־ליגענדער קערפּער, אַן אָנגעשוואָלען פּנים מיט גלעזערנע אויגען, — און דער טאַנץ שיט זיך דערשראָקען פאַנאַנדער אין פערשידענע זייטען. ערשט ווען דעם דיענער'ס ברייטע פּלייצע פערשטעלט דאָס וועגעלע, קומען זיך די יונגעלייט ווידער צוזאַמען. אָבער דער טאַנץ איז פערפרוירען געוואָרען.

אויפ'ן גראָז, אונטער די ביימער, איז די פינסטערניש געדיכטער און איז אָנגעזאַפּט מיט זיפצען, מיט שטילע קושען, מיט איינגעהאַלטענעם שאָרך. דאָ גיס'עט מען פון ליעבע. און ווען דאָס וועגעלע מיט'ן קראַנקען שווימט פאַרביי, לויפט איבער ווי אַ ווינטעל איבער'ן גראָז און פערשטעקט זיך דערשראָקען מיעפער אַהינטער די ביימער. איינמאָל האָט עמעס אַ פרויען־שטימע אַרויסגעשריען פון אַזאַ'ן אָרט מיט צאָרן און פערצווייפלונג:

— או, אַלטע נבלה!...

און אַ קללה דערצו.

דער קראַנקער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט.

ג.

דער יונג האָט זיך לאַנגזאַם, אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַרומגעוויקעלט אַרום פּאַרק און האָט איהם אײַנגעשלאָסען אין זײַנע הייסע אָרעמס.

פון פריהעסטען מאָרגען אָן האָט די זון מעכטיג געהאַלט דעם גאָרטען, און אַז זי האָט איהם אין אײנער פערלאָזען, האָט ער לאַנגע שטונדען נאָך שווער און דופּטענד געשטעהעמט און זיך ווי געקעהרט אויף זײַן הייסען געלעגער. און אַז ער האָט ענדליך אינגאַנצען איסגעהויכט זײַן היץ און איז געבליבען ליעגען אָבגעקיהלט און בעריהינט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, האָט אַ שטילער דרימעל פערשפּרייט איבער איהם זײַנע פליגעל און אָנגעוועהט אויף איהם לײַכטע חלומות און אומבעשטימטע וועהונגען.

דער מענשענשטראָם איז שוין לאַנג אַרויסגערונען פון גאָרטען דורך די פיעלע איסגענג, און בלויז וועלטען־וואָ האָט זיך געזיד׳עט אַ פערשפּעטיגט פּאָרל, אָדער אַ היימלאָזער האָט זיך נערייעז גערידערט אין שלאָף ערגעץ אויף אַ באַנק אין האָט, קענטיג, אין חלום פּאַליסלײַט געזעהען. אַ געמאַלטער וואַסערפּאַל, פערשטעקט ערגעץ אין אַ פינסטערן ווינקעל, האָט געגאָסען זײַן ענדלאָזען פּלוידערײַ, און קיינער האָט זי

נישט געהערט, און מאָדנע האָט געקלונגען דאָס פּליידערן פון דער דאָזיגער בעשעפעניש פון מענשליכע הענד, ווען קיינער פון איהרע בעשעפער האָט עס נישט געהערט.

מיט א שמייכעל סקריפּ האָט זיך דאָס וועגעלע מיט׳ן קראַנקען גע־גליטשט דורך די שלאָפענדע אַלעען.

נעבען וועג, אונטער א ברייט־צעוואַקסענעם בוים, איז געשטאַנען א לאַמטערן און האָט עזות׳דיג געהויבען אַ ברעג פון דער נאַכט׳ס שוואַרצען שלייער. און דאָ איז אַנטקעגען געקומען אַ מיידעל מיט רויטע האָר און מיט אַ שאַרפען בליק. דערזעהענדיג דעם קראַנקען׳ס גלעזערנע אויגען, איז זי פּלוצים געבליבען שטעהן א ווילע, און ביי איהר האָט זיך אַרויסגעריסען:

— צו׳ם טייוועל!..

דערנאָך האָבען זיך איהרע אויגען אָבגעשטעלט אויף׳ן דיענער׳ס בלאָנדען קאָפּ און ברייטע אַקסלען, און איהר פּנים איז מילדער געוואָ־רען. אַ מאָדנער קוק, אַ קוים מערקבאַרער שמייכעל — און זי איז אַוועק אין אַ זייטיגע אַלעע.

אָהן ווערטער, נישט פרעגענדיג ביי׳ם קראַנקען, האָט דער יונ־גערמאַן פערקעהרעוועט דאָס וועגעלע נאָך איהר.

דער וועג האָט זיך געהויבען, איז פערקראָכען אין אַ געדיכט־פער־וואַקסען אָרט און האָט אונטערוואַרטעט אַרויסגעקלעטערט אויף אַ נאַקעט בערגעל אַרומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט בוימער. ביי דער פיערטער ליעגט אַן אָבגרונד, און אין אָבגרונד — אַ פאַנטאַסטישע וועלט. דאַכט זיך, בוימער, בערגלעך, כאָלען. דאַכט זיך, טורעמס, זיילען, פּאַלאַ־צען, וואָס שטייגען אַרויף גלייך פון וואַסער, און דער וואַסער־ברוק שי־מערירט שוואַך און האַלב־פערלאָשען געגען דער שיין פון די שטערען. דאָרט ווייטער, הינטער דעם אַלעם, שלאָפט, הערט מען, אַ גרויסע, שרעקליך גרויסע שטאָדט.

אין אַ ווינקעל אויף אַ בערגעל ליעגט אַן אַלטע, צעבראָכענע קאַנאָנע, אַן אָנדענק פון דעם קריעג, וואָס דאָס לאַנד האָט אַמאָל געפיהרט פאַר זיין פרייהייט. געגענ'איבער דער קאַנאָנע האָט דער דיענער אָבגעשטעלט דאָס וועגעלע. און איז אַוועק צווישען די ביימער. אַהין, וואו דאָס מיידעל איז פערשוואונדען.

די גלעזערנע אויגען האָבען געקוקט אויף די אַלטע קאַנאָנע. זי האָט אויסגעזעהען ווי אַ גרויסער קערפּער פון אַ לאַנג טויטער, פערטריקענטער שלאַנג, ווי דער סקעלעט פון'ם טויט אַליין. מיט פיעלע יאָהרען צוריק האָבען איהרע געדערים געגליהט און געשפּיגען מיט פייער: זי האָט געקעמפפט פאַר פרייהייט. אונטען אין טאָל, וואו עס שימערט איצט דאָס וואַסער פון קינסטליכען טייך, זענען געלאָפען מענשעלעך, האָבען געקלעטערט צו דער קאַנאָנע און האָבען זיך געוואַלגערט צו דער ערד, מיט צעשמעטערטע קעפּ, מיט איפּגעריסענע ביילער, פון וואַנען עס זענען אַרויסגעקראָכען פערפלאָנטערטע געדערים. מאַנכע זענען געליעגען מיט די פּנים'ער אַראָב, מיט אויסגעשטרעקטע הענד, אין בלאָטעס פון בלוט, ווי געהרג'עטע הינד. די קאַנאָנע האָט געהאַלטען אין איין דונערן, און די מענשעלעך פון אונטען זענען געלאָפען דוקא איהר אַנטקעגען. דאָס איז געוועזען אַ גרויסאַרטיגער קאַמפּף פאַר פרייהייט.

און בלויז איין-איינציגער סאָלדאַט פון די, וואָס האָבען אַזוי קינציג געאַרבייט מיט דער קאַנאָנע, נאָך גאָר אַ יונגער שנעק, אָהן וואָנסען, וועלכער האָט אפילו קיין איין קראַץ נישט בעקומען, — האָט זיך פּלוצים אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, האָט זיך געביסען די פינגער און פערדריסליך געוויינט און געשריען. איהם האָט, קענטיג, געצייגען צו דער מאַמע'ס פאַרטוך.

דער קראַנקער איז געזעסען און האָט געקוקט אויף די קאַנאָנע. נישט ווייט פון איהם, צווישען די געדיכטע צווייגען, האָט דער יונגער, פעסטגעבויטער דיענער זיך געקושט מיט'ן רויטהעריגען מיידעל.

◆ ◆ ◆

# פּרינציפּען.

די לבנה איז געשטאַנען איבער דער שטאָדט, צו מזרח־זייט, אַ ביסעל רויטליך און בעלעדיגט: גאַז און עלעקטריע האָבען בעהערשט די קאָכענדע גאַסען, האָבען פּעריאָגט פון דאָרטען איהרע בלאַסע, סענטימענטאַלע שטראַהלען, און קיינער האָט זי נישט געמערקט אפילו. ווי אַ צוויבער־רינג האָט די שטאָדט אַרומגעשלאָסען איהרע אַיינוואוינער, און זיי האָבען אַרומגעטאַנצט אין איהר און געזשומעט, ווי פליעגען אונטער אַן איבערגעקעהרטען גלאָז.

לייפּציגער האָט לאַנגזאַם שפּאַצירט איבער דער גאַס און מיט לייכטער נייגיעריגקייט צוגעקוקט דאָס לעבען אַרום. די במעט שטענדיג וואַכענדע שלאַנגען און עקדישען האָבען איינגעדרימעלט ערגעץ אין אַ ווינקעל פון האַרצען און האָבען איהם אויף אַ ווײַלע געלאָזען צו־רוה. געהענדיג, האָט ער געקוקט און געשמייכעלט.

זיין וואַנדערנדער בליק האָט זיך פערטשעפּעט אָן אַ יונג מיידעל, וועלכע איז געשטאַנען נעבען פענסטער פון אַ וואורשט־האַנדעל, געקליידט קבצנ׳יש, נאָר מיט פּרעטענזיעס. אַ בלויזער קאָפּ, דאָס פּנים בלאַס, פערמאַטערט, און דאָך — קינדיש ווייך. און געקוקט האָט זי אויף דאָס

געשמאק־צוגעברוינטע פלייש פון יענערויט שויב מיט אזא ענגסטליבען אויסדרוק, דאס לייפציגער איז פלוצים געבליבען שטעהן. די שלאנגען און עקדישען האבען זיך א רודער געטהון. קענטיג, זיך איבערגעקעהרט אויף די צווייטע זייט...

זי האט א צאפעל געטהון און אומגעקעהרט איהר קאפ צו לייפציגער'ן. ער האט געשווינד אבגעווענדט די אויגען אן א זייט און גענומען האסטיג צו שפרייזען אוועק. געפיהלט האט ער, ווי זי יאגט איהם אן, און אט שפאנט זי שוין נעבען זיין לינקער האנד, קוקט נישט אויף איהם און רעדט סתם אין די וועלט אריין:

— איך וואוין אט דא דערנעבען, נומער זיבען און צוואנציג...

לייפציגער שאקעלט מיט'ן קאפ אויף „ניין". זי קוקט שוין איצט גלייך אויף איהם און ווייזט מיט דער האנד:

— אט דא באלד איז עס, דאס צווייטע הויז.

— איך געה נישט...

— קומט אריין אויף א מינוט. וואס קאן עס אייך ארען?... — רעדט זי זיך איהרס אין בעמיהט זיך צו שפאנען גלייך מיט איהם.

לייפציגער'ן האט בעשלאגען א שווייס.

— איך... איך געה קיינמאל נישט...

זי איז געבליבען שטעהן א ווייל ערשטוינט. מאשינאל שטעלט ער זיך אויך אב. זי ווארפט אויף איהם א מאדנעם קוק, טהוט שפאטיש א פייף און קעהרט זיך גלייכגילטיג אב אן א זייט. ער איז אוועק מיט א פערלעגענעם שמייכעל.

מיט עטליכע טריט ווייטער האבען זיך די שלאנגען און עקדישען

זויערער אַ רודער געטהון. ער האָט זיך דערמאָנט אָן איהר קיקען דורך דאָס פענסטער פון וואורשט־האַנדעל — זיין האָט געמאַכט אַ פּאָר אונ־ענטשלאָסענע טריט צוריק.

זי האָט עס בעמערקט און האָט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט און איראָניש.

— פרייליין... איהר... איהר זענט... הונגעריג?...

איהר שטערן האָט זיך פערוואָלקענט.

— נו?... — האָט זי חמורנע און פיינדליך איבערגעפּרעגט.

— זאָל זיך אייך דאַכטען... פערשטעהט איהר מיך... עלעהיי איך בין געוועזען... — דאָ האָט איהר אויף וועטשערע! — האָט ער פּלוצים דערענדיגט, רוקענדיג איהר אין האַנד אַ זילבערנע מטבע.

זי האָט זיך אָבגערוקט פון איהם, נישט נעהמענדיג דאָס געלד.

— קומט דאָך אַריין אויף אַ רגע! וואָס האָט איהר מורא?..

— אָבער איך נעה קיינמאָל נישט, איהר פערשטעהט?..

— און איך נעהם קיין נדבות נישט!... — איז זי פּלוצים אין כעס געוואָרען.

דאָסמאָל איז לייפּציגער געבליבען פערבליפט. אַ ווייַלע האָט ער געקוקט אויף איהר מיט ברייט־געעפענטע אייגען, דערנאָך האָט ער זיך פרעהליך צעלאַכט און געזאָגט גלייך איהר אין פּנים אַריין מיט אַ קאָמיש־ערנסטער מינע:

— אזאַ פּרינציפּ ביי מיר...

— ווי ? . . — האָט זי דערשראָקען געפרעגט .

פון אַזאַ קראַנקהייט האָט זי נאָך אין איהר פּראַקטיק נישט געהערט .

ער האָט פערשטאַנען איהר שרעק און האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט . דערנאָך האָט ער אַ ביסעל נאָכגעדענקט און אַרויסגעשטאַמעלט אונענטשלאָסען :

— נו , מילא , קומט . . א ? . . .



# צווישען פעלדער.

בײַ׳ם האָריזאָנט אין מזרח איז דער הימעל געווען טונקעל־רויט, ווי אַן אָנגעגליהט אײַזען, ווען עס הייבט אָן זיך צו לעשען: די לבנה האָט געהאַלטען בײַ׳ם אויפגעהן. הויך אין הימעל האָט געברענט יופיטער; נידעריגער, צו צפון־מערב, האָט ברייט זיך צעוואָרפען די „עגלה" מיט איהר צערודערטען קוואַדראַט און לאַנגען צעבראָכענעם עק, ווי אַ רמז אויף כללים, וואָס זײַנען נישט איסגעהאַלטען... דער „מילך־וועג" האָט זיך איסגעצויגען איבער דער וועלט, ווי אַ לײַכטער גאַז־באַנד, וועלכען אַ קאַפּריזע האַנד האָט אַוועקגעוואָרפען אָהן אַכט און אָרדנונג. אין אַלע זײַטען האָבען געפינקעלט שטערען.

אונטען דערווײַל איז געווען פינסטער, בעסער געזאָגט — טונקעל־גרוי, און אין דער גרויער פינסטערניש האָט זיך אַ האַאָס געשפירט: קיין בעשטימטע פאַרב, קיין איין גלײַכע ליניע, קיין איינציג דײַטליך פינטעלע. נע׳חלום׳ט האָט זיך אַ פעלד, אָדער סתם אַ פלאַץ, נאָר עטוואָס ווײַטער אַרום אין אַרום האָבען זיך געהויבען עפּעס בערגלעך צי שאָטענס — און אפשר גאָרנישט!... אויף איין סעקונדע האָט זיך יאָ געוויזען עטוואָס גענוג דײַטליכעס: אַ פײַערדיג פינטעלע האָט אַ פינקעל געטהון; עס האָבען זיך אפילו ווי טריט געהערט... באַלד איז דאָס פײַערל

פֿערשוואונדען, האט אַ ביסעל ווייטער ווידער אַרויסגעשפּריצט אין דער פֿינסטערניש און איז ווידער אין איהר דערטרונקען געוואָרען. דערנאָך איז די פֿינסטערניש איפּ'ן אָרט, וואו דאָס בלעטעל האט זיך צו'ם ערשטען בעוויזען, ווי געדיכטער געוואָרען ... עפּעס האט אַ קוויטש און צוזאַמען אַ קלונג געטהון. אַ פֿיגור האט זיך מיט אַמאָל דייטליך אָבגעצייכענט און איז גלייכצייטיג מיט אַ מיבען קלאַפּ ווי אין די ערד אריין ... — און פּליצים איז פֿון אונטער'ן ריבען האַרויזאַנט אַ גילע, האַלב־קאַלעלדיגע ראַנד אַרויפֿגעשוואומען.

— — — — — — — — — — — — —

עמיצער האט אַ שלעפּ געטהון די גריע, הויכבלטיגע רעק און האט זי אין איין מאָמענט פֿון פֿעלד אַראָבגעצייגען. אין איהר בעוועגונג האט זי געפֿלאַטערט און זיך אין לאַנגע פֿאַלדען אין קניטשען געלעגט; נאָך איהר זענען עפּעס גייסטער געלאָפֿען איבער'ן פֿליין און פֿערשוואונדען אין מערב. אין מיטען פֿעלד האט ווי פֿון דער לופֿט זיך אַראָבגעלאָזען און אין די ערד אַריינגעשטעקט אַן אַלטער, איינגעקרימטער רעטב. ער האט ברייט צענומען זיינע צווייגען־הענד און מיט גרויס ערשטוינען געקוקט אויפֿ'ן העל־געלען קרייז, וואָס האט זיך דאָרט ווייט פֿון דער ערד איינגע־הויבען און מונטער זיך געלאָזען איבער'ן הימעל. הינטער'ן רעטב האט זיך אויסגעצויגען אַ שוואַרצער, אונגעהייער לאַנגער און ווילד־פֿאַנטאַסטי־שער שאָטען.

לאַנגע ציילען זאַנגען זענען געשטאַנען געגען דער לבנה, זענען געשטאַנען און האָבען געדרימעלט, און געהלים'ט, און צייטענווייז אין שלאָף מיט די קעפּלעך געשאָקעלט. אָפּטמאָל איז צווישען זיי אַ בעוועגונג דורכגעלאָפֿען, און עס האט זיך אַ שישקעריי געהערט, ווי ס'וואָלט דאָרט עמיצען איינשטילען, ער זאָל אַנדערע לאָזען שלאָפֿען. די לבנה דערווייל איז געגאַנגען העכער, איהר שיין איז געוואָרען בלאַסער און האט ענדליך די גאַנצע וועלט פֿערגאָסען.

פֿון צפון, ערגעץ פֿון עק וועלט, האט זיך געצויגען צווישען די שלאָפֿענדיגע פֿעלדער אַ ווייסליכער הויך־אָנגעשאָטענער וועג. ער איז גע־

לאָפֶען פאַרבײַ דעם דעמב אין מִיט אַ פִּיערטעל מײַל ווײַטעֶר, נעֶבעֶן אַ וואַלד־הײַזעל, האָט עֶר זִיךְ פעֶרדרעֶהט קײַן מזרח און אִיז פעֶרשוואונ־דעֶן פון אויג: דעֶר גרונט האָט זִיךְ דאָרט עֶבּוואָס געֶהויבעֶן, בעֶשטעֶקט מִיט דִי לעֶצטעֶ בּוימעֶר פון וואַלד, וואָס האָט אִין דעֶר ווײַטעֶן געֶטונקעֶלט. צווײַ דִינעֶ און גלײַכעֶ לִינִיעֶן האָבעֶן קאַלט געֶפִינקעֶלט געֶגעֶן דעֶר לבנה און זעֶנעֶן געֶלאָפעֶן אִיבּעֶר'ן וועֶג אויף זײַן גאַנצעֶר לעֶנג. נאָר אִין אײַן אָרט, נעֶבעֶן דעֶמב, האָט זִיךְ דִי לִינִיעֶ, וואָס אִיז געֶלִיעֶגעֶן נעֶהעֶנטעֶר צו מזרח, אונעֶרוואַרטעֶט אָבּגעֶהאַקט... מִיט עֶטלִיכעֶ טרִיט ווײַטעֶר האָט זִי זִיךְ, נִישט וועֶנִיגעֶר אונעֶרוואַרטעֶט, ווִידעֶר אָנגעֶהויבּעֶן און אִיז געֶלאָפעֶן ווײַטעֶר. אִין אַ זײַט אִיז געֶלִיעֶגעֶן אַ שטִיק רעֶלסעֶ, געֶלִיעֶגעֶן רוּהִיג און קאַלט, ווִי עֶס װאָלט זִיךְ געֶפִינעֶן אויף זײַן אָרט...

עֶטלִיכעֶ מִינוּטעֶן זעֶנעֶן געֶבּיירעֶן געֶוואָרעֶן אִין דעֶר שטִיל און זעֶנעֶן — אָהן קלאַנגעֶן, פאַרבּעֶן און געֶשעֶהעֶנִישעֶן — געֶשטאָרבּעֶן: דִי פעֶרגאַנגעֶנהײַט אִיז נִישט גרעֶסעֶר געֶוואָרעֶן, דִי צוקונפט האָט זִיךְ נִישט פעֶרקִירצט. דִי צײַט האָט זִיךְ פון אונעֶנדעֶ אִין אונעֶנדעֶ געֶגאָסעֶן.

— — — — — — — — — — — — —

אַ שטִילעֶר קלאַנג האָט אַ צִיטעֶר געֶטהון אִין דעֶר לופט — אִין אִיז פעֶרלוירעֶן געֶוואָרעֶן. געֶדאַכט האָט זִיךְ, אַ מאָסקִיטעֶ אִיז דורכגעֶפלויגעֶן און האָט אִיהר דִין געֶזאַנג אִין דִי שטִילקײַט אַרײַנגעֶשטאָכעֶן. אִין אַ פּאָר סעֶקונדעֶן אַרום אִיז דאָס געֶזאַנג ווִידעֶר פון עֶרגעֶץ אָנגעֶקומעֶן: אַ לײַכטעֶר צִיטעֶר אִיז געֶגאַנגעֶן אִיבּעֶר דִי שטאָהלעֶנעֶ לִינִיעֶן, אִיבּעֶר דעֶר גאַנצעֶר שטאַנג געֶשוואומעֶן ווײַטעֶר פאַרבּײַ דעם בּוים — און בּײַ'ם עֶק פון דעֶר אִיבּעֶרגעֶרִיסעֶנעֶר זִיךְ פלוצִים אָבּגעֶהאַקט און ווִי אִין דִי עֶרד אַרײַן...

עֶפּטעֶר און עֶפטעֶר האָבּעֶן דִי שטאַנגעֶן געֶצִיטעֶרט. שאַרפעֶר און דײַטלִיכעֶר האָט זִיךְ דאָס געֶזאַנג געֶלאָזט העֶרעֶן, און אַלץ אויף אײַן שטאַנג ווײַטעֶר געֶגאַנגעֶן, אויף דעֶר צווײַטעֶר — זִיךְ געֶהאַקט. אַ פּאָר זאַנגעֶן האָבּעֶן אונרוּהִיג פון שלאָף מִיט דִי קעֶפּלעֶך אַ שאָקעֶל געֶטהון; אַ צווײַג אויפ'ן דעֶמב האָט זִיךְ אײַנגעֶבּויגעֶן און ווִידעֶר זִיךְ אויסגעֶגלײַכט: אִיבּעֶר'ן פעֶלד האָט זִיךְ אַ ווִינטעֶל געֶטראָגעֶן. אִין דעֶם מאָמעֶנט האָט דעֶר ווײַג

זיך אַ טרייסעל געטהון: טיעף אין דער ערד איז דורכגעגאַנגען אונטער איהם אַ טויבער קלאַפּ...

אַ צווייטער, אַ דריטער... מעסיג און זיכער זענען געוואַקסען די קלעפּ; שטאַרקער און שנעלער איז געלאָפען דער ציטער איבער דער גאַנצער שטאַנג און שאַרפער זיך געשניטען — ביי דער אָבגעהאַקטער. ווייט, אין פינסטער'ן וואַלד, איז געלאָפען אַ מעכטיגע חיה, האָט געוועקט דאָס ווידער־קול צווישען די בוימער און געטרייסעלט די ליפּט.

נעהענטער!... פון יענערזייט וואַלט־הייזעל האָט עפּעס אַ פינקעל געטהון. אַ קורצער, שניידענדער פייף, פיל מיט קראַפט און נצחון... אַ ברענענדיג אויג איז אַרויסגעלאָפען פון הינטער'ן הייזעל, האָט זיך אויסגעדרעהט און באַלד נעבען זיך אַ צווייטעס אַרויסגעשטעלט. אַרום דער רונדער ווענדונג פון וועג האָט זיך גראַציעז און קאָקעטיש אַרומגעוויקעלט אַ צייל וואַגאָנען און זיך באַלד אויסגעגלייכט, ווי אַן אָנגעצויגענע שנור. די פייערדיגע אויגען זענען געוואַקסען און האָבען העליש געברענט; דער גאַנצער צוג האָט זיך געטרייסעלט, געוואָרפען, געעטהעמט און געקאָכט, און איז זיכער־לוסטיג געלאָפען צו'ם בוים, ציהענדיג נאָך זיך רינגען און לאָקען פון רויך און דאַמפּף, ווי אַ פערשייט פערד זיינע לאַנגע, צעפלאָכטענע האָר.

דאָס פעלד האָט ערוואַכט פון שלאָף: זאַנגען האָבען זיך געשאָקעלט, גאַנצע בייטען האָבען זיך בעוועגט און קאָליערט געגען דער לבנה, וועלכע איז יעצט געוועזען בלאַס, ווי דער טויט. דער אַלטער, חמורנער דעמב האָט געשטרעקט זיינע צווייגען צו'ם וועג, זיי געהייבען אין דער הייך און ווידער קראַפטלאָז אַראָבגעלאָזען. די לופט האָט געציטערט און געציטערט...

איבער דער דורכגעריסענער רעלסע זענען שוין יעצט קאָנוואולסיען געגאַנגען... פון עק האָבען זיך געריסען הייזעריגע קלאַנגען, ווי פערשטיקטע, פערצווייפעלטע קרעכצען — דורך פערביסענע ליפּען... זיך געריסען — און באַלד שטום אין די ערד געזונקען. געדאַכט האָט זיך — דאָס אייזען וועט באַלד פּלאַצען פון אָנשטרענגונג; די פערשלאָסענע,

פערשאָלטענע ליפּען מוזען אַ געשריי אַרויסלאָזען! און דאָס געשריי איז געשפּרונגען פון עק, האָט זיך געריסען, ווי עטוואָס כמעט צו׳ם אָנטאַפּען. און וויעדער און וויעדער האָט עס די ערד געשלונגען און צו׳ם טויט געשטיקט.

די מעכטיגע שטאָהלענע ברוסט פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אָנגע־רוקט גאָר נאָהענט...

די אָבגעשרויפטע שטאַנג איז געלעגען אין אַ זייט און האָט אונשולדיג געבלאַנקט געגען דער שיין פון דער לבנה...



# דער רב און די רביצין.

אַמאָל איז געווען אַ רב מיט אַ רבי'צין.

ווען דער רב האָט תורה געלערנט, האָט די רבי'צין געזאָגט, אַז זי הערט מלאכים שירה זינגען, און ווען די רבי'צין האָט געקאָכט פיש אויף שבת, האָט דער רב פערזיכערט, אַז ער שפירט די ריחות פון גן-עדן. דער רב און די רבי'צין זענען ביידע געווען גלייך גוט, פרום און קלוג. אויב זיי האָבען זיך אין עפּעס יאָ אונטערשיידעט איינער פון צווייטען, איז עס דערין, דאָס די רבי'צין האָט כמעט „שאלות“ גע'פסק'ענט, דער רב אָבער האָט אין'ם ענין פון פיש-קאָכען קיין שום ידיעה נישט געהאַט.

און גאָט האָט פערהאַלטען די טראַכט פון דער רבי'צין, און זי האָט קיין קינדער נישט געהאַט. און דער רב איז געזעסען אין איין ווינקעלע, און די רבי'צין — אין צווייטען און זיי האָבען גאָט געבעטען אין דער שטיל:

— רבונו של עולם! הער-צו די תפלה פון פלוני בן פלוני דיין קנעכט און בענש מיך מיט אַ זוהן, איך זאָל קאָנען איהם לערנען דיין תורה און דיינע מצוות...

— רבונו של עולם, האַר פון דער וועלט! פערנעהם די תפלה פון

פלוניות בת פלוניות דיינן דיענסט און בעגליק מיך מיט א קינד, איך זאל קאנען אין איהם גוטע מדות איינפלאנצען און איהם לערנען צו טהון דיין רצון...

און דער רב האט זיך געזעצט געגען׳איבער דער רבי׳צין און האט גערעדט:

— אז אונזער זוהן וועט אנהויבען צו רעדען, וועל איך אליין איהם אויסלערנען אלף-בית און עברי און פרוש המלות...

און די רבי׳צין האט צוגעגעבען:

— אז אונזער קדיש וועט פון שלאף אויפשטעהן און שלאפען געהן, וועל איך מיט איהם ברכה זאגען און קריאת-שמע לייענען...

און אזוי זענען פיעל יאהרען פערשוואומען, און די שטאדט-לייט האבען אנגעהויבען צווישען זיך צו רעדען:

— אז א אשה האט צעהן יאהר נאך דער חתונה קיין קינדער נישט, טאר דער מאן מיט איהר נישט וואוינען...

און זיי האבען עס דעם רב געזאגט, און דער רב האט זיי געענטפערט:

— איך וועל מיין ווייב פון זיך נישט אוועקשיקען, און גאט וועט מיר געבען מיט איהר א זוהן...

און די שטאדט-לייט האבען זיך געבייזערט און זיי האבען געוואלט דעם רב פון דער שטעל מעביר זיין, נאר שפעטער האבען זיי זיך בעקלערט, אז אויב עס ארט איהם נישט, מעג עס זיי אודאי נישט ארען, — און אזוי זענען די יאהרען געגאנגען. און דער רב איז געזעסען געגען׳איבער דער רבי׳צין און זיי האבען געשמועסט:

— אז אונזער קינד וועט אונטערוואקסען, וועל איך מיט איהם לערנען ש״ס און פוסקים און יורה-דעה מיט אלע מפרשים...

— אז אונזער זוהן וועט קומען פרייטאג פון באד, וועל איך איהם מיט פרישע פיש מכבד זיין, און ווען ער וועט שבת פון שול צוריקקעהרען, וועל איך איהם קדוש אונטערטראגען...

און די שטאָרט־לײַט האָבען זיך אין אַ צײַט אַרום װידער אָן זײ דערמאָנט און האָבען זײ אַן עצה געגעבען:

— נעהמט אײַך צו אַ פרעמד קינד און זײַט עס מגדל, און זאָל עס אין הונדערט און צװאַנציג יאָהר אַרום נאָך אײַך קדיש זאָגען און משניות לערנען.

און דאָס פּאָר־פאָלק האָט מיט די קעפּ געשאָקעלט און געענטפערט:

— װי װעל איך אַ פרעמד קינד תורה און מצות לערנען, אַז איך װעל פאַר איהם קײן עונש נישט לײַדען?...

— װי װעל איך אַ פרעמד קינד ליעב האָבען קאָנען, אַז איך האָב אויף איהם קײן בלוט נישט פערגאָסען?...

און בײדע האָבען צוגעגעבען:

— נײן, גאָט װעט אונז מיט אַן אײגען קינד בענשען!...

און די שטאָרט־לײַט האָבען זיך געבײזערט אין זײ עקשנים געדרײ־פען און מיט דער צײַט אָן זײ װידער פערגעסען. און די צװײ אַלטינקע לײַט האָבען בעשלאָסען:

— אַז אונזער תבשיט װעט אויסװאַקסען, װעט ער שאלות פסק'ענען און ספרים שרײַבען...

— אַז אונזער נחת װעט אַכטצעהן יאָהרען אַלט װערען, װעלען מיר איהם צו דער חופּה פיהרען...

אײנס נאָכ'ן צװײטען, פון אײביג צו אײביג, האָבען די יאָהרען גע־שװעבט און געשװעבט. און אײנמאָל פריהמאָרגען האָט מען אונזערע לײַט געפונען טױטע. זײ זענען געזעסען אויף זײערע בעטען אײנער גענען צװײטען, אין אײגנע העמדער, און האָבען, װי קינדער, זײערע קעפּ מיט די הענד אַרומגעשלאָסען. אויף זײערע פּנים'ער האָט אַ שמײכעל געשװעבט, און אין דער ליפּט פון אַלטען הויז האָבען זיך געקלינגען די װערטער:

— אַז אונזער זוהן װעט אויסװאַקסען...

— אַז אונזער קדיש װעט עלטער װערען...

* * *

ליעגט שטיל אויף דער זאפע, איהר מעגט האלב פערמאכען די אויגען, עטהעמט פריי, און הערט.

דער צוג איז געלאפען איבער עפעס א מאדנער סביבה, וועלכע איז פאר מיר געווען גאנץ ניי, אבער נאהענט צו׳ם הארצען.

דאס איז געווען א שטיק אויבערלאנד, ערטערווייז געבראכען און געשניטען אין ניט טיפע טאלען און אין ניט הויכע בערג, אבער געשפירט האט זיך, אז דאס אלעס צוזאמען: די טאלען, די בערג און די גאנצע געגענד — געפינט זיך ערגעץ אין דער הויך, און „די וועלט" ליעגט ווייט ארום און פיעל ניעדריגער. עס האבען זיך דורכגעווארפען ביימער, זאגאר וועלדלעך, אבער ניט צופיעל. עטליכע מאל האט דער צוג שטארק און ניעדריג, ווי אין א פאס, געדרעדערט איבער בריקלעך: דאס האבען קליינע און מיטעלמעסיגע טייכלעך געשניטען דאס לאנד, מאנכע האלב פערפרוירען, אנדערע — אינגאנצען פריי פון אייז. ניט צופיעל שניי, ניט צו קאלט — א מילדער, לייכטער ווינטער.

און דאן, די בעלייכטונג... עס איז געווען טאג; אבער ניט

יענער שרייענדיגער טאג, וועלכען מיר אלע קענען און וועלכער מאכט אונז אזוי דול, אז מיר זענען נישט מיר; דער טאג, ווענען וועלכען איך דערצעהל אייך דא, איז געווען ווייכער און מיטערליכער פון דער שטילכטער האלב-פערוואלקענטער לבנה-נאכט. דער הימעל איז געווען גאנץ שווער פערוואלקענט, און דערצו איף זיין גאנצען שטח, אבער די וואלקענס זענען געווען ווייס, בעסער — ווייסליך, און נישט די זון האט געשיקט איהרע שטראהלען דורך זיי — דער געדאנק ווענען א זון איז ביי מיר דאן אינגאנצען פערשוואונדען — נאר אליין פון זיך האבען זיי, די וואלקענס, ארויסגעגעבען א פיינע, מאטע שיין, וואס האט שטיל געפלאסען פון אלע זייטען און האט געווירקט איף מיר, ווי דער געלאסענער, בערוהיגענדער שימער פון א ברייטען שטיק אלומיניום.

אזא לאנד און אונטער אזא בעלייכטונג! שטעהענדיג איף דער פלאטפארם פון וואגאן, האב איך דערקענט דאס לאנד פון מיינע חלומות, און מיין הארץ איז פול געווארען מיט שטילער פרייד, געמישט מיט מורא, אז דאס איז פיעלייכט א חלום. און הגם דער צוג איז געווען אין פולען גאנג, האב איך זיך אראבגעלאזען ביז צו'ם לעצטען טרעפעל פונ'ם וואגאן, האב אנגענומען מיט דער האנד דעם מעשענעם האלטער ביי'ם אראבגאנג, האב זיך א ווילע געוויגט איף מיינע פיס און דערנאך געטהון א לייכטען שפרונג — א ביסעל ארויף און א ביסעל אהינטער.

אין שוין... די זאך איז געווען פיעל לייכטער, ווי איך האב געדענקט. איך בין געבליעבען שטעהן איף מיינע פיס, און זעהר נאהענט פארביי מיר איז געפלויגען דער צוג, אנמאכענדיג א שטארקען ווינד מיר אין די אינגען אריין. אין א סעקונדע ארום האט זיך דער ווינד פלוצים איבערגעריסען, און דער צוג איז שוין געלאפען אין דער ווייטען. זיין גערויש איז שוואכער געווארען פון סעקונדע צו סעקונדע. פאר מיר איז קלאר געווארען, אז דאס אלעס איז טאקע איף אן אמת, און איך האב זיך הויך פאנאנדערגעלאכט. איך האב א מאך געטהון מיט דער האנד צו'ם ווייטען צוג און איהם נאכגעזאגט „יברכך":

— נעזונדערהייט, געזונדערהייט!... גנעה! — מיט דיין טומעל — מיט מיינע מיט־פאַסאַזשירען, מיינע „ברידער“ — און אפילו, און בעזונדערס — מיט מיין באַגאַזש, מיט מיין אייגענעם באַגאַזש!...

און ביי׳ם געדאַנק, אַז מיין באַגאַזש איז אַוועק, האָב איך זיך ווידער הויך פאַנאַנדערגעלאַכט און אויסגעגלייכט מיינע גליעדער...

... איך וויל האָפען, איהר זענט נאָך נישט מיעד פון מיין ערצעהלונג. אָבער — נישט זייט אויך פעראינטערעסירט: קיין שפּאַנענדעס וועט אין איהר שפּעטער אויך נישט זיין. דאָ האָט איהר אַ גוטען ציגאַר; צינדט איהם אָן און ערלויבט איהם זיך אַליין צו רויכערן; דער אַראָמאַט אַליין וועט זיין גענוג פאַר אייך. און נאָך עפּעס: האָט איהר בעמערקט דעם אונטערשיעד צווישען אַ ציגאַר, ווען ער ווערט געריכערט פון עמיצען, און דעמזעלבען ציגאַר, ווען ער ברענט פון זיך אַליין?... אין ערשטען פאַל בעקומט איהר אַ סך רויך, די בעריהמטע דיקע „בייגעל“ און „קנוילען“, וואָס האָבען זיך שוין צוגעגעסען אפילו דעם שלימסטען טרוימער. אין צווייטען פאַל — דאָס דינע פייער־רינגעל רוקט זיך לאַנגזאַם, ווי דער מינוטען־ווייזער אויף אַ זייגער, איבער׳ן ציגאַר און ענדערט אונמערקבאַר זיין ברוינע פאַרב אויף ווייסליך־גרוי. דערביי שטייגט פונ׳ם פייער־רינגעל אַרויף אַ דין שנירעלע רויך, ווי די האָר פון אַ קאָרן־זאַנג, און פערשווינדט אין דער לופט, איבערלאָזענדיג נאָך זיך אַ דינעם אַראָמאַט, ווי עפּעס אַ מין ערינערונג אָן אַ חלום... נו, הערט ווייטער...

דאָס אַלעס, וואָס נאָכדעם איז פאָרגעקומען, איז געווען אַזוי איינפאַך און אַזוי פאַנטאַסטיש, ווי טאַקי נאָר אַ חלום אַליין קאָן זיין. איך האָב גענומען געהן. דער שאָסע מיט דער אייזענבאַהן־ליניע זענען ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען, און איך דערמאָן מיך יעצט, אַז איך האָב באַלד אָן זיי פערגעסען, גלייך זיי וואָלטען קיינמאָל אויף דער וועלט נישט געווען און נישט פון דאָרט וואָלט איך געקומען. אויף דער ערד איז נישט געווען צו בעמערקען קיין שפּור פון מענשליכע הענד און מענשליכער אַרבייט: בערגלעך, גריבלעך — נאַטירליכע פּאָקען, געמאַכט פון די רעגענס אויפ׳ן געזיכט פון דער ערד. עס וואָלט בעדאַרפט זיין שווער צו

געהן, אבער עס איז נישט געווען. איך האב זיך אן איבעריג מאל איבערצייגט, אז עס איז נישטא קיין שווערערע און לייכטער וועג, עס עקזיסטירען בלויז שווערע און לייכטע פיס, ריכטיגער — שווערע און לייכטע הערצער. שטעלט אייך פאר: איך האב גענומען רעדען צו זיך אליין, רעדען און לאכען הויך, אויפ'ן קול, און מיין שטימע האט אפילו אויף קיין האר נישט געשטערט די ארומיגע שטילקייט, ווי אייזען ווערט נישט ווייכער, ווען אייער האנד פרובירט זיין הארטקייט. אפילו קיין שוואך ווידערקול האט נישט אבגעהילכט צוריק. יעדער קלאנג, וואס איז ארויס פון מיינע לונגען, האט עקזיסטירט בלויז דעם אויגענבליק פון זיין געבוירען ווערען, און באלד נאכדעם איז ער נישט געווארען. דאס איז נישט געווען וואס מ'רופט א טויטע שטילקייט, דאס הייסט — א פערשטארבען גערויש, וואס האט זיך פערבארגען ערגעץ אט דא דערנעבען, גרייט יעדע מינוט ארויסצופלאצען פון דער שטילקייט, ווי א קרעכץ פון אן איבערגעריסענער סטרונע. ניין, דא איז געווען שטיל מששת ימי בראשית, און קיין איבערריס אין דער דאזיגער שטילקייט האט קיינער און קיין זאך נישט געקאנט מאכען.

אלזא, האב איך גערעדט און געלאכט, הויך, אויפ'ן קול. איהר ווילט וויסען, וואס איך האב גערעדט און וועלכעס האט מיך געמאכט צו לאכען? ... שווער צו זאגען. איך גלויב, איך האב גערעדט וועגען דער ווייסער, שטילער שיין פון יענעם טאג, אדער עטוואס ענליכעס. איבעריגענס, איז עס נישט וויכטיג, — וויכטיג איז: איך האב גערעדט, וואס איך האב געוואלט, און קיינער האט זיך נישט אבגערופען. קאנט איהר פערשטעהן דעם תענוג פון רעדען, וועהרענד קיינער רופט זיך נישט אב אויף אייערע רעד, נישט גוט, נישט שלעכט און — וואס איז נאך שלימער — נישט גלייכגילטיג? ... דאס דאזיגע פערגעניגען האב איך נישט געהאט, זינט איך בין געבוירען געווארען, ביז צו יענער מינוט, וועגען וועלכער איך רעד דא, און איך גלויב, אז אויך נישט איהר און נישט קיינער פון אונז. מיין הארץ האט וועניג געליטען אלע מיינע יאהרען פון געפיהל פון קנאה, און דער איינציגער מענש, וועמען איך האב יא מקנא געווען, שטענדיג און מיט'ן גאנצען הארצען, האט וואהרשיינליך קיינמאל נישט עקזיסטירט: דער דאזיגער מענש איז ראבינזאן קרוזא.

און אַזוי בין איך מיר געגאַנגען, קענטיג — אַ לאַנגע צײַט, רען די אַרומיגע רוהע האָט ביסלעכווײַז דורכגענומען אַלע מײַנע גליערער. מיט'ן געדאַנק האָב איך נישט געוואוסט, וואוהין איך געה, אָבער איך בין יאָ „ערגעץ״ געגאַנגען און האָב דעם צוועק־פּונקט געשפּירט מיט'ן גאַנצען קערפּער. און דערנאָך האָב איך שוין געוואוסט, אַז איך בין נאָהענט פון „דאָרטען״. די לאַנדשאַפט האָט זיך עטוואָס געענדערט, נישט פיעל. אין מאַנכע ערטער האָבען זיך בעוויזען גרעזלעך פון צווישען דעם שיטערן שנײַ, און דאָס גרינס פון די ערשטע מיט'ן זילבער פון'ם צווייטען האָבען געבילדעט אַ פײַנע קאָמבינאַציע, ווי פײַן עס איז געווען אַלעס אַרום. די בעלײַכטונג האָט זיך אַ ביסעל געענדערט: די וואָלקענס אין איין פּלאַץ זענען געוואָרען העלער, און דאָס ליכט האָט יעצט נישט געפלאָסען גלײַכמעסיג פון אַלע זײַטען, נאָר עס איז געגאַנגען אין אַ געוויסע ריכטונג, פון איין זײַט וועלט צו דער צווייטער, און האָט זיך ווי אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אָן דעם ווײַסען פּאַסאַד פון'ם הײַזעל, וועלכעס איך האָב ענדליך דערזעהען.

אַ מאָדנע געפיהל האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב אַזאַ הײַזעל אין מײַן לעבען נישט געזעהען, און דאָך האָב איך עס „דערקענט״; איך האָב דערפיהלט, אַז אָט דאָס איז עס, אַז אָט אַזוינס דאַרף אַ הײַזעל זײַן. איז עס געווען שען? . . . געוויס, אָבער דאָס איז ווייניג: דערין איז געווען נאָך עפּעס אַזוינס . . . אַזוינס . . . כ'ווייס נישט, ווי צו זאָגען. נישט געווען קיין „סטיל״, קיין בעשטימטער סטיל, ווי אויך קיין געמישעכץ פון סטילען, צו וואָס מ'געוועהנט אונז צו הײַנטיגע צײַטען. עס זענען געווען אײַנפאַך־געשניצטע פּענסטערלעך מיט ליכטיגע שויבען, ווי פײַכטע אויגען, אַ ברייט דעכעל, פון פאָרענט עפּעס אַ מין קליינע, נידריגע וועראַנדע מיט הילצערנע זײַלעכלעך און עפּעס נאָך קליינינקייטען. אָבער דאָס אַלעס האָט נישט ערקלערט דאָס אַלגעמיינע אויסזעהן פון'ם הײַזעל, בעזונדערס דעם אײַנשטאָקיגען פּאַסאַד, וועלכער האָט געקוקט צו דער שײַן ווי אַ אינטערעסאַנט־בלאַסעס געזיכט. אין גאַנצען האָט דאָס הײַזעל נישט אויסגעזעהען צו זײַן געבויט פון עמיצענ'ס האַנד, נאָר ווי עס וואָלט אויסגעוואַקסען פון דער ערד, ווי אַ בוים, אָהן סימעטריע, אָבער מיט אַ געוויסער אינערליכער מאָס און פּראָפּאָרציע פון די טיילען. דאָס איז געווען אַ לעבעדיגע בעשעפעניש.

איך בין צוגעגאַנגען גלײַך צו׳ם הײַזעל, בין אַרויף אויף דאָס איינציגע טרעפּעל פון דער וועראַנדע און האָב שטיל אָנגעקלאַפּט אין טיר. באַלד דערויף האָב איך דערהערט לײַכטע טריט פון אינווייניג און דאָס ווייכע געראויש פון זײַדענס. מײַן האַרץ, וואָס איז ביז יעצט געווען גאַנץ רוהיג, האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּען פון שטילער, אונערקלערבאַרער פרייד.

נישט קאָנענדיג זעהן דורך די טיר, האָב איך דאָך קלאָר געזעהען אַ שלאַנקע פרויען=פיגור אין אַ שוואַרצען זײַדענעם קלייד, מיט אַ בלאַס=אינטערעסאַנטען געזיכט, ווי דאָס געזיכט פונ׳ם הײַזעל, וואָס זי האָט בעוואוינט. איך האָב די פרוי אין מײַן לעבען נישט געזעהען, אָבער מיט מײַן גאַנצען וועזען האָב איך געוואוסט, אַז דאָס איז זי, ענדליך זי. איך האָב נישט געקאָנט זעהן, און האָב דאָך דײַטליך געזעהען, ווי אַ מאַט=ווײַסע קליינע האַנד האָט זיך געלעגט פון יענערזײַט אויף דאָס הענטעל פון טיר, און די טיר האָט זיך שטיל געעפענט...

... נאָך האָב איך געשפּירט אין מײַן האַרצען דעם ציטער פון שטילער פרייד, און מײַנע אויגען זענען געווען פײַכט, אָבער איך האָב שוין געוואוסט, אַז אונזער וועלט האָט מיך ווידער אַרײַנגעכאַפּט אין איהרע הענד. איך האָב שוין געזעהען, אַז איך ליעג בײַ מיר אין צימער, בײַ מיר אין בעט. דורך מײַן פענסטער האָט געקוקט אויף מיר דער טאָג — נישט יענער טאָג, אַן אַנדערער, — געקוקט אַ ביסעל שפּאָטיש, אָבער אין גרונד גענומען גלײַכגילטיג. אַרום און אַרום איז געווען אַלץ דאָסזעלבע, אַלץ דאָסזעלבע, דאָס, וואָס רינגעלט אַרום מיך און אײַך און אונז אַלע, און פון וועלכען קיינער פון אונז קאָן זיך פאַר קיין פאַל נישט בעפרײַען.



